# דִּיא קָאלָאנִיסְטֶען

## ארראמאן

### פאן רומיניען אונ ארץ ישראל

פאָן

יצחק הלוי לעווינסקי (יה"ל).

עֹבֵד אַדְמָתוֹ יִשְׂבַּע־לָחֶם
וּמְרַדֵּף רֵיקִים חֲסַר־לֵב.
(משלי י"ב י"א)

עֶס גִיבְּט פֶערְנֶעהְן (פֶערְבְּרֶעכֶען) דִיא דֶעם גֶערִיכְטֶע (סוד) נִיכְט צוּטְרֶאגְלִיךְ זִינְד אוּנְד דִיא אֶפֶפֶענְטְלִיכֶע מֵיינוּנְג (בַעַת הַקָהָל) מוּסְס זִיא בֶּעשְׁטְרַאפֶען. Börne

צווייטער טהייל

פערלאג אין אייגענטהום פון בוכהאנדלונג נפתלי צײלינגאלד
ווארשא נאלעווקי 28

**ווארשא**

שנת תרנ"ט לפ"ק

---

# ДИ КОЛОНИСТЕНЪ

т. е. Колонисты

писалъ

**И. М. ЛЕВИНСКІЙ**

ЧАСТЬ II

ВАРШАВА

1899

צוויא טעג זענען אונזערע רייזענדע געבליעבען אין קאנסטאנטינאפאל, ווייל זיא האבען געמוזט ווארטען אויף א שיף וואס געהט נאך יאפו; דיא צוויא טעג האבען זיא בענוצט צו בעזעהען דיא טורקישע רעזידענס (הויפטשטאדט, סטאליצא); עס האט זייא קיינער געקרענקט, קיינער בעליידיגט, קיינער געשטאסען, זייא האבען ניט איינמאל געהערט דאס ווארט „זשידאן" אדער וויא עס אויף טורקיש הייסט „יאהוד". ליבער ברוך, איך קאנן דיר גאר ניט זאגען וואס איך פוהל; עס איז מיר עפעס אזוא גוט, אזוא לייכט אויף מיין הערץ אז איך קענן מיר נאך אליין בארובער קיין רעכנונג אבגעבען; איך האב מיר אין דערהיים פארגעשטעללט וויא גוט דאס איז פרייא צו זיין, אבער דאס וואס איך פוהל יעטצט האב איך מיר ניט געקאננט פארשטעללען" האט רחל'ה געזאגט צו איהר מאנן.

„יא מיין טהייער ווייב – האט איהר ברוך געענטווערט – דאס זעהט בייא מיר אויך אויס וויא א שאנער מאיטאג נאך א לאנגען שווערען ווינטער".

„ניין, ברוך, דאס איז מעהר וויא דאס וואס דוא זאגסט; עס איז, דאכט זיך מיר, וויא איינער וואס ווערדט בלינד געבארען און דערזעהט דאס ערסטע מאל דאס ליכט, דיא שאנע וועלט; וויא איינער, וואס איז אין קאטארגא געבארען און ווערט פרייא" האט רחלה פערבעססערט,

ווארט מיין ווייב! אונזער זוממער, אונזער עוויגער זוממער וועט ערסט זיין דארט, אין ארץ ישראל" האט ברוך געזאגט און האט זיין ווייב געדרוקט דיא האנד.

ברוך'ן איז אביססעל שווער געווארען אויף זיין הארץ, אז עס איז געקוממען דיא צייט צו פאהרען צום שיף; רחל'ה איז נאך קיין מאל געפאהרען אויף דעם וואססער, האט נאך קיין מאל געזעהען א ים און דא וועט זיא מוזען גאנצע ניין טאג זיין אויף דעם גרוססען מיטטעללאנדישען מעער (ים)! און וויא וועט זיין, ווענן עס וועט אויף דער רייזע זיין א ווינד! אפשר וועט זיין רחל'ה מוזען ליידען דיא זעעקראנקהייט! און דאס האט איהם שטארק בעאונרוהיגט אז זיין רחל'ה זאלל ליידען, נעבען איהם, און ער זאל איהר ניט קעננען העלפען! רחל'ה האט באלד בעמערקט: אז איהר מאנן איז שטארק בעזארגט און זיא האט איהם געפרעגט: וואס דאס איז? זיא האט אבער גלוקקליך געשמייכעלט ווענן ברוך האט איהר ערקלארט: אז דיא זעעקראנקהייט איז גאר ניט געפאהרליך, אבער עס איז קיין מיטטעל דא, זיך געגען איהר צו פערהוטען. און ווען זיא דארף בעפאללען, בעפאללט זיא, און געגען ווינד איז זיך אויך ניט צו הוטען, אובוואהל ער איז אויך ניט געפאהרליך, אבער ביידע זענען זעהר אונאנגענעהם „זארג ניט ברוך!

 (קאלאניסטין ח"ב)

—האט זיא איהם געזאגט— פאר דעם וואססער איז גאר ניט דא וואס מורא צוא האבען; ווענן האבען יודען מורא געהאט פאר דעם וואססער? ווענן האבען יודען דעם וואססער ניט געטראצט? שון משה, האט אלס קינד פאן דיא ברוסט, דעם וואססער געטראצט! דיא וואססערקראנקהייט איז א שווינדעל, נוא, איך זאג דיר גוט אז מיר וועט ניט שווינדלען אונ מיך וועט זיא ניט בעפאללען; אונ אויב עס וועט זיין א ווינד אונ דאס שיף וועט זיך אביססעל שויקקעלן, נוא, וואס איז? האלט איך מיך דאך פאר נייגעבארען אונ עס וועט גאר ניט שלעכט זיין ווענן עס וועט מיך אביססעל וויעגען.

עס איז געוואָרען א פיערטעל שעה פאר דעם אבפאהרען, דיא פאססאזשיערען האבען זיך געדרעהט אויפצוזוכען בעססערע פלעטץ, דיא ארבייטער האבען זיך געאיילט דיא לעטצטע פראכט צו ברענגען אויף דעם שיף, דיא מאטראססען האבען אללעס פארבערייט, צום אבפאהרען, נאר רחלה מיט איהר מאנן, אונ דיא פאמיליע קאלאניסטען זענען רוהיג געשטאנען אויף דעם פערדעקק; נעבען רחל'הן איז געשטאנען דעם קאלאניסט עלטערע מאדיל. א זעהר שאן קינד פון 8—9 יאהר אונ זיא, רחל'ה, האט זיך געשפיעלט מיט דעם שאנעם מאדיל'ס האאר; רבקה האט דיא זאכען אין ארדנונג געבראכט אין דיא צוויי קאיוטען וואס ברוך האט גענומען, איינע פאר זיך מיט זיין רחלה, אונ דיא צווייטע נעבען זיך, פאר דעם קאלאניסט מיט זיין פאמיליע אונ רבקה'ן; זייא זענען אללע געשטאנען זעהר פערטראכט; יעדעם פאן זייא איז יעטצט פארגעקומען פאר דיא אויגען, דאס וועניג גוטע אונ וועה! דאס צו פיעל באזע, דאס צופיעל שלעכטע וואס מיט איהם האט זיך אין זיין לעבען געטראפפען אונ יעדען בעזונדער האט עס געצוגען „דארטהין" צום אנקערפלאטץ, צו זייער ציעל, נאך ארץ ישראל!

מען האט אויפגעהובען דיא אנקער, א שווארצער, דוקקער רוך האט אנגעהובען צו געהן פאן הוכען קוממען, עס האט זיך געהערט א לאנגער הייזערער פפייף אונ דאס שיף האט זיך גערוהרט פאן ארט.

„אדיע אייראפא, אונדאנקבארעם אייראפא! — האט רחל'ה געזאגט— מיר האבען אייך געגעבען א גלויבען, דען בעגריף פאן דען איין — איינציגען גאטט! מיר האבען אייך געלעגט דען פונדאמענט צו בילדונג! מיר האבען אייך געגעבען דאס ערסטע בילד פאן פאעזיע! מיר האבען אייך מיט אונזער גייסט אונ פלייס רייך געמאכט יעדען ווינקעל ווא מיר זענען געזעסען! מיר האבען אייך געגעבען גרויסע מאנער אין אללע צווייגען פון קונסט אונ וויססענשאפט! מיר.... קורץ: מיר אונ נאר מיר זענען דיעיעניגע, וואס דורך אונז זענט איהר געווארען דאס וואס איהר זענט יעטצט אונ, אוב איהר וואללט געוואללט ריכטיג זעהען, וואלט איהר לייכט געקאננט פערשטעהן: אז איהר האט נאך פיעל פאן אונס צו לערנען אובערהויפט קעננט איהר פון אונס לערנען דיא קונסט: שקלאפע אונ הערר אויף

אֵיין מָאל צוּ זַיין !״ אוּנ יֶעטְצט שְׁטוּסְט אִיהר אוּנְס אַוֶועק פָאן אֵייךְ ! אַזוֹא הָאט אַ מָאל גֶעטְהוּן רָאם, אַזוֹא הָאט עֶס אַ מָאל גֶעמַאכְט שְׁפַּאנְיֶען ! אָבֶּער אֶפְּפֶענְט דִיא גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ זֶעהְט : אַז רָאם אוּנ שְׁפַּאנְיֶען זֶענֶען הַארְט בֶּעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארֶען ! זֶעהט : אַז רָאם הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רֶעגִירֶען אוּנ יֶעצְט אִיז דֶער יוּד דָארְט אַ בּוּרְגֶער וִויא אַלֶלֶע רָאמֶער, אוּנ שְׁפַּאנְיֶען, דָאס שְׁטָאלְצֶע שְׁפַּאנְיֶען ! זַיא בֶּעטֶען זִיךְ יֶעטְצט בַּייא אוּנְז : אַז מִיר זָאלְלֶען צוּ זַייא צוּרִיקְקֶעהְן, אָבֶּער, מִיר טְרוֹיֶען זַייא נִיט מֶעהר ! וִויא פִיעל וָואלְלְטֶען דִיא פֶערְנוּנְפְטִיגֶע מֶענְשֶׁען גֶעגֶעבֶּען אִין רָאם, וִויא פִיעל אִין שְׁפַּאנְיֶען אַז מֶען זָאלל אוֹיסְרֵייסֶען פָאן דֶער גֶעשִׁיכְטֶע דִיא בְּלֶאט-טֶער וָואס דֶערְצֶעהְלֶען דִיא שַׁאנְדטַהאטֶען וָואס זַייעֶרע עֶלְטֶער-עֶלְטֶערְזֵיידֶעס הָאבֶּען אָן אוּנְז בֶּעגַאנְגֶען ! אָבֶּער דִיא גֶעשִׁיכְטֶע הָאט זִיא אִין עֶווִיג עֶווִיגְקֵייט גֶעסְטֶעמְפֶּעלְט פַאר מֶערְדֶער – פַאר בְּרוּדֶערמֶערְדֶער ; אִיהר רוּמֵינֶער ! אוֹיךְ אִיהר וֶועט, מִיט דִיא צֵייט שְׁרֶעקְלִיךְ בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערֶען ! אוֹיךְ אִיהר וֶועט הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶער גֶעשִׁיכְטֶע אַ גְרוֹיסֶען, שֶׁאנְדְלִיכֶען בְּלוּטְפְלֶעקק וָואס דִיא צֵייט אַלֵיין וֶועט דָאס נִיט קֶענֶנֶען אָבְּוַואשֶׁען ! אוֹיךְ אֵייעֶרֶע אוּראֵיינֶעקְלֶעךְ וֶועלֶען זִיךְ מִיט אֵייךְ שֶׁאמֶען ! אוּנ דֶערְמִיט אַלֵיין וֶועט אִיהר שׁוֹן גֶענוּג בֶּעשְׁטְרָאפְט זַיין, יָא, אוֹיךְ אִיהר וֶועט אַמָאל אוֹיפְהֶערֶען צוּ רֶעגִירֶען !״

„אוּנ אִיהר, מֵיין אוּנְגְלִיקְלִיךְ פָאלְק ! אֵייךְ מוּז אִיךְ בֶּעדוֹיעֶרען אוּנ פֶערְאַכְטֶען ! בֶּעדוֹיעֶרען מוּז אִיךְ אֵייךְ ; וֵוייל מֶען דְרִיקְט אֵייךְ אַזוֹא, וֵוייל אִיהר זֶענְט וִוינְצִיג אוּנ שְׁוַואךְ אוּנ – שֶׁאנְדְלִיךְ גֶענוּג – אַז דִיא שְׁטַארְקֶערֶע, דִיא מִילְיָאן מָאל שְׁטַארְקֶערֶע צֶעטְרֶעטֶען אֵייךְ ; אוּנ וֶוער קֶען זִיךְ וֶועהְרֶען גֶעגֶען דֶען אַזוֹא פִיעל שְׁטַארְקֶערֶן ! פֶערְאַכְטֶען מוּז אִיךְ אֵייךְ אָבֶּער : וֵוייל – אִיהר ווִילְט אֵייעֶרע גֵייסְטִיגֶע קְרֶעפְטֶע נִיט פוּהְלֶען ! אִיהר ווִילְט אֵייעֶר עֶהְרֶע נִיט קֶענֶנֶען ! אִיהר פֶערְטְרוּנְקְט אֵייעֶרֶע גֵייסְטִיגֶע קְרֶעפְטֶען, אֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע פֶאהִיגְקֵייטֶען מִיט וֶועלְכֶע גָאטט הָאט אֵייךְ בֶּעשֶׁענְקְט מֶעהר וִויא אַלֶע אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער ! אִיהר פֶערְטְרִינְקְט זַייא אִין מָאדֶען אוּנ טַאנְץ ; אִיהר רוּמֵינֶער יוּדֶען ! אוֹיךְ אִיהר מַאכְט אֵייךְ אֵייעֶר שְׁמוּטְצִיגֶען פְלֶעקק אִין דֶער גֶעשִׁיכְטֶע ! אוֹיךְ מִיט אֵייךְ וֶועלְלֶען זִיךְ אֵייעֶרֶע אֵיינֶעקְלִיךְ שֶׁעמֶען, וֵוייל אִיהר לָאזְט אֵייךְ מִיט דִיא פוּסְס טְרֶעטֶען אוּנ רוּהְרְט אֵייךְ נִיט ; וִויא, אִיהר רוּמֵינֶער יוּדֶען ! אִיהר לָאזְט אֵייךְ פָאן אַזוֹא אַ קְלֵיין אוּנְגֶעבִּילְדֶעט, אוּנְבֶּעפָאהִיגְט פָאלְק פֵּיינִיגֶען, עֶרְנִיעדְרִיגֶען, אוּנ ווִילְלְט נִיט אֵייעֶר קִינְדְס-קִינְדֶער עֶהְרֶע רֶעטְטֶען ? פַאר אֵייךְ שְׁטֶעהְט אָפְּפֶען דֶער וֶועג נָאךְ דִיא פְרֵייעֶ טוּרְקֵייא, נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען לַאנְד אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, וָוא יוּדֶען הָאבֶּען אַלֶלֶע רֶעכְטֶע, וָוא זַייא זֶענֶען גֶעאַכְטֶעט, אוּנ אִיהר ווִילְט אֵייךְ נִיט רוּהְרֶען ? אֵייךְ יָאגְט מֶען, אֵייךְ שְׁרֵייעט מֶען אִין דִיא אוֹיעֶרְן גֶעהְט, מִיר דַארְפֶען אֵייךְ נִיט מִיר ווִילְלֶען אֵייךְ נִיט דָא הָאבֶּען, אִיהר זַייט אוּנְז אַ דָארְן אִין אוֹג, אִיהר זַייט יוּדֶען אוּנ אִיהר גֶעהְט נִיט ? מֶען נֶעמְט בַּייא אוּנְזֶערֶע אַרֶעמֶע בְּרוּדֶער צוּ דָאס לֶעצְטֶע שְׁטִיקְקֶל בְּרוֹיט וָואס זַייא ווִילְלֶען עֶהְרְלִיךְ

פערדיענען — דער קליינהאנדלער טאר מיט זיין סחורה ניט ארומפאהרען אויף דעם לאנד, זיא ניט טראגען פערקויפען אין דיא הייזער — דער האנדווערקער טאר זיין ארבייט ניט אבטראגען אונ דאס רוהרט אייך ניט, איהר טראכט ניט דיא אומגליקליכע צו רעטען אז זייא זאללען ניט פערהונגערן? איך וויל צו געבען: אז איהר רייכע רומינער ברודער זענט גוט; איהר ווילט העלפען אבער, איהר זענט צו פויל — איהר שונט, ניט אייער געלד נאר אייער מוה; אבער, עס האט זיך דאך אין דער שרעקליכען נוטה, דערצו אזוא שאן, אזוא הייסס גענומען אונזער בראווער, מענשענפריינדליכער ברודער, ה' מענדעל, שוועדיש־נארוועגישער־קאנזול אין ברייאילא, צו העלפען, צו זאמלען צו שטיצען, (איזר' וו"ש 1884) פאר וואס זענט איהר געשטאנען פון ווייטען? פאר וואס האט איהר דערביא ניט געטהון, האטש מיט אייער געלד אייער מענשליכע אונ ברודערליכע שולדיגקייט? אייגענטליך זענען דאך געוועזען עטליכע עדעלע רומינישער ברודער דיא ערסטע, וואס האבען דיא ערסטע צוויא קאלאניען אין א"י פאר אונזערע אונשולדיג־פעראונגליקטע ברודער געגרונדעט, אבער, פאר וואס זענט איהר באלד מוד געווארען וויא איהר האט געזעהן: אז זייא לעגען ניט באלד געבראטענע טויבען אין מויל אריין? וויא אזוא האט איהר ניט פערשטאנען: אז יעדער אנפאנג איז שווער? ווארט איהר רייכע דענן אויף נאך א נאלאטצער געשיכטע? מיינט איהר דענן אז: וויל מען שמייכעלט אייך, זענט איהר שון געזיכערט? האט קיין טעות! בראטיאני, איז א שרעקליכע קאמץ וואס שפיעלט זיך מיט דער מויז אזוא לאנג וויא עס נוצט איהר, אזוא לאנג — וויא עס מאכט איהר פערגנוגען, אונ דערנאך דערשטיקקט זיא דיא ארעמע מויז אונ ווארפט זיא אוועק, אונ איהר שאמט אייך ניט מיט זיך אזוא צו לאזען שפיעלען? צו זיין א שפיעלבאללען ביא אייער פיינד אין דיא הענד? וועה אייך! איך וויל אויך צו געבען: אז ביא אונזערע רייכע ברודער איז זייער עהרע ניט אזוא שטארק טהייער; א פאר שימעל אדער ברוינע פערד זענען שטארק גענוג גענוג אלע קראנקונגען אונ בעליידיגונגען אויף זיך צו נעמען; אבער איהר ארעמע ברודער! איהר האט דאך פאן אייער לעבען נאר ניט מעהר וויא אייער עהרענגעפוהל, טא, פאר וואס רייכט איהר אייך ניט דיא האנד? פאר וואס זארגט איהר ניט, אבצושפארען, צו זאמלען אונ וויא מעגליך אייך צו רעטטען? יא, איהר זייט ווערטה אז מען זאל אייך פעראכטען אונ.... איך פעראכט אייך!"

„ברוך, — האט זיא יעטצט צו איהר מאנן געזאגט — איך האב יעטצט מיט רומיניען מיין רעכנונג געמאכט אונ עס איז מיר לייכטער אויף דעם הערץ; איך וועל מיך יעטצט בעמוהען צו פערגעססען אונ צו פערציהען.

## 2.

רחלה הָאט רֶעכְט גֶעהַאט מִיט דֶעם וָואס זִיא הָאט ברוךְ'ן בֶּערוּהִיגְט: אַז זִיא הָאט פַאר דִיא וַואסֶערְקְרַאנְקְהֵייט, דָאס הֵייסְט: פַאר דֶעם וַואסֶערְשְׁווִינְדֶעל קַיין מוֹרָא אוּנ, אַז דָאס שְׁוִיקְקֶעלן פָאן וִוינְד וֶועט אִיהר פֶערְגְנוּגֶען מַאכֶען, וִויא דָאס וִויעֶגֶען אִיז אַנְגֶענֶעם פַאר דֶעם גֵייאֶגֶעבָּארֶענֶעם קִינְד; אֶמֶת: אַז רחלה מִיט ברוךְ'ן הָאבֶּען בֵּיידֶע גֶעלִיטֶען אוֹבֶּער דִיא זֶעעקְרַאנְקְהֵייט, אָבֶּער נִיט זֵייא אַלֵיין זֶענֶען קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען, נָאר זֵייא הָ בֶּען גֶעלִיטֶען מִיט אַנְדֶערֶע פַּאסַאזְשִׁירֶע וָואס זֶענֶען קְרַאנְק גֶעוָוארֶען; ברוךְ הָאט, אַלְס דָאקְטָאר מִיטְגֶענוּמֶען פָאן קָאנְסְטַאנְטִי־נָאפָּאל פֶערְשִׁיעדֶענֶע מִיטֶעל פַאר זֶעעקְרַאנְקֶע, רחלה הָאט רבקה'ן גֶעהֵייסֶען מִיט־נֶעמֶען פִיעל עֶססֶענְוַוארְג. אוּנ אַזוֹא הָאט מֶען זֵייא בֵּיידֶע גֶעזֶעהֶען אַרוּמְגֶעהן אוֹיף דֶעם שִׁיף בַּאלְד צוּ דֶעם אוּנ בַּאלְד צוּ יֶענֶעם, דָא הָאבֶּען זֵייא גֶעגֶעבֶּען מֶעדִיצִין אוּנ דָארְט עֶססֶען אוּנ טְרוּנְקֶען; אָבֶּער דִיא זֶעעקְרַאנְקְהֵייט דוֹיעֶרְט נִיט לַאנְג, אוּנ אָפְט דוֹיעֶרְט זִיא נָאר עֶטְלִיכֶע שָׁעָה; אוּנ עֶס אִיז אוֹיף דֶעם שִׁיף אַלְלֶעם גֶעוֶועזֶען גֶעזוּנְד אוּנ מוּנְטֶער; דָאס וֶועטֶטֶער אִיז דוּרְכְאוֹיס אַזוֹא וָואוּנְדֶערְשֶׁאן גֶעוֶועזֶען אַז דִיא פַּאסַא־זְשִׁירֶע זֶענֶען אַלְלֶע גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם פֶערְדֶעקק אוּנ פִיעֶלֶע הָאבֶּען דִיא נַאכְט אוֹיךְ צוּגֶעבְּרַאכְט אוּנְטֶער דֶעם פְרֵייעֶן הִימֶעל; אוֹיךְ רחלה מִיט אִיהר מַאנן הָאבֶּען לִיעבּ גֶעהַאט בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט צוּ זִיטְצֶען אוֹיף דֶעם פֶערְדֶעקק, אוּנ נֶעבֶּען זֵייא אִיז אַלְלֶע מָאהְל גֶעוֶועזֶען דִיא אַרְמֶע דַאנְקבַּארֶע קָאלָאנִיסְטֶען־פַאמִילְיֶע אוּנ זֵייעֶר עֶלְטֶערֶע מֶאדִיל אִיז גֶעוָואהְנְלִיךְ גֶעשְׁטַאנֶען נֶעבֶּען דִיא מוּמֶע רחלה וָואס הָאט לִיעבּ גֶעהַאט זִיךְ מִיט אִיהְרֶע שֶׁאנֶע הָאר צוּ שְׁפִּיעֶלֶען; אַ לֵייכְטֶער עֶרְקוּוִיקֶענְדֶער ווִינְד הָאט דָאס שִׁיף לֵייכְט גֶעשׁוִיקְקֶעלְט, עֶס הָאט ווִירְקְלִיךְ אוֹיסְגֶעזֶעהֶען אַז דִיא נַאטוּר וִויעֶגְט זֵייא אַיין צוּ זוּסֶע טְרֵיימֶע, צוּ מָארְגֶענְלֶאנְדִישֶׁע פַאנְטַאזִיעֶן.

אַ מָאל, וֶוענן רחלה מִיט אִיהר מַאנן אוּנ נֶעבֶּען זֵייא דִיא קָאלָאנִיסְטֶען־פַאמִילְיֶע מִיט רבקה דִיא יְתוֹמָה, זֵייעֶן שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם פֶערְדֶעקק אוּנ הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט זַאטְטקוּקֶען אִין דֶעם טִיעפְבְּלוֹיעֶן הִימֶעל מִיט דִיא מִילְיָאנֶען שְׁטֶערן, הָאט רחלה גֶעהֶערְט, וִויא נִיט וֶועהר וַוייט פָאן זֵייא הָאט אַ יוּנְגֶע קְלָארֶע שְׁטִימְמֶע גֶעפְרֶעגְט: זָאג מִיר, חַיָה, וָואס וָואלְטֶען מִיר גֶעטְהוּן וֶוענן דִיא יוּנְגֶע שֶׁאנֶע דַאמֶע, וָואס גֶעהְט אַרוּם מִיט דֶעם שֶׁאנֶעם הוֹכֶען הֶערְרְן, חָאלְטֶען אוּנְז נִיט אַלְלֶע טָאג גֶעגֶעבֶּען אַזוֹא פִיעל אַז מִיר זָאלְלֶען קֶענֶען רֵייכְלִיךְ לֶעבֶּען?

„אוּנ וָואס וֶועלְלֶען מִיר דָארְט טְהוּן, אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל?", הָאט אַ יוּנְגֶע דַאמֶענ־שְׁטִימֶע צוּרוּקְגֶעפְרֶעגְט.

„וִויא אִיךְ זֶעה, חַיָה, הָאסְט דוּא שׁוֹן חֲרָטָה וָואס מִיר גֶעהן נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל".

וואס זאגסט דוא דא, ישעיה, איך האב חרטה? וואלט איך דענן ניט בעססער, אלס ערהליך יודיש מאדיל געשטארבען עהער מיין עהרע צו לאזען שאנדען פאן א ניעדער־טראכטיגען מענש? אונ, אוב עס וועט מיר אויסקומען צו שטארבען פאר הונגער וועט עס מיר דענן ניט טויזענד מאל ליעבער זיין וויא צו שטארבען פאן א מערדערס־האנד? מיך פערדרוססט נאר: פאר וואס רוא זאללסט מוזען אונשולדיג ליידען איבער מיר״.

רחלה׳ן איז געגאנגען אייזקאלט איבער דיא אדערן וויא זיא האט דאס געהערט.

„חיה, איך ווייסס גאר ניט, וואס דוא זאגסט מיר דא פאן ליידען אונ אונשולדיג ליידען! אונ איך, איך האב דאך אויך נאר געטהון דאס מייניגע! איך וואללט אויך רוהיג געקאננט שטארבען אונ ניט לאזען א לופה, א ניעדערטראכטיג־אויסגעלאססענעם, בעקוממען זיין שאנדטהאט; אבער חיה, ווער זאגט דיר דאס אז מיר וועללען אין ארץ ישראל מוזען ליידען? האב איך דענן ניט אפאר געזונדע שטארקע הענד? אדער בין איך אפשר געוואונט לעדיג צו געהן? איז דענן דארט ניט אויך אוועלט ווא אפאר געזונדע פלייצעס קעננען צו נוטץ קוממען?״ האט זיך דיא מאנגערשטימם געלאזט הערען.

גלויב מיר, ישעיה, אז איך וועלל אויך ניט לעדיג זיטצען! איך וועלל זעהען, אפשר וועלל איך דארט קעננען עפעס פערדיענען מיט מיין האנדארבייט אונ אוב ניט, וועלל איך מיך שטעללען בייא וועם דיענען.

„גאטט זאלל בעהוטען, איך וועלל דיך ניט לאזען דיענען, אזוי גאר וועגן עס זאלל מיר אויס קוממען מיט דיא טאטשקע צו געהן.

„הער, ישעיה! פאר אונז וואלט געוועזען א גליקק, וועגן דיא שאנע דאמע וואונט אויך אין ארץ ישראל; איך וואללט איהר געבעטען אז זיא זאלל מיר געבען ארבייט אונ זאלל מיך רעקאממאנדירען אין אנדערע רייכע הייזער; זיא איז דאך אזויא א גוטע!״

רחלה האט שון מעהר ניט געדארפט הערען, זיא האט שון היינט מעהר ניט געוואללט הערען, „רבקה! דוא האסט געהערט וואס מען האט דארט גערעדט?״ האט רחלה געפרעגט דיא יתומה אונ האט געוויזען אויף דעם ארט פון וואנען דיא שטיממען האבען זיך געהערט.

יא, רחלה — האט דיא יתומה געענטווערט.

גוט; טא זייא אזוא גוט אונ געה פארזיכטיג אהין אז דוא זאללסט עפעס ניט פאללען; בעט בײדע מענשען אז זייא זאללען מארגען פרוה צו אונז קוממען, אונגעפאהר 8 אוהר פרוה, זאג זייא דיא נוממער פאן אונזער קאיוטא״.

„איך וועלל מיט איהר מיטגעהן״ האט דעם קאלאניסטס ווייב געזאגט אונ בײדע זיינען געגאנגען.

עס איז געוועזען פונקט אכט אוהר פרוה וויא עס האבען זיך צו אונזער

פָאר פָאלְק גֶעמֶעלְדֶעט צְווייא יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען ; רחלה אִיז זִייא אַקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען מִיט אַזוֹא אַפְרֵיינְדְלִיךְ גֶעזִיכְט , אַז דִיא יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אִין דֶעם אוּגֶענְבְּלִיקק פֶערְגֶעסֶען אָן אַלֶעם וָואס אִיז מִיט זִייא פָארְגֶעפַאלֶען , אָן אַלֶעם וָואס עֶס קֶענְן מִיט זִייא וֶוערֶען ; אָבֶּער רחלה אַלֵיין הָאט זִייא אָן זֵייעֶר לַאגֶע עֶרְאִינֶערְט , וָוארוּם בַּאלְד וִויא זִיא הָאט זִייא גֶעבֶּעטֶען זִיצְעֶן אוּנ הָאט זִייא אַלֵיין מְהֶעע פָארְגֶעשְׁטֶעלְט , הָאט זִיא בַּאלְד מִיט זִייא אָנְגֶעהוֹבֶּען אוּבֶּער זֵייעֶר לַאגֶע צוּ רֶעדֶען .

„פָאן וַואנֶען זֶענְט אִיהר , יוּנְגֶער מֶענְשׁ , אוּנ וֶוער אִיז דָאס מֶאדִיל ?“ הָאט זִיא ישעיה׳ן גֶעפְרֶעגְט .

„מִיר זֶענֶען אוֹיס רוּמִינְיֶען אוּנ דָאס אִיז מֵיין שְׁוֶועסְטֶער , מֵיין אֵיינְצִיגֶע שְׁוֶועסְטֶער“ הָאט ישעיה גֶעעֶנְטְוֶוערְט .

„הֶערְט , יוּנְגֶער מֶענְשׁ ! אִיךְ הָאבּ בֵּייא נַאכְט גֶעהֶערְט וָואס אִיהר הָאט צְווִישֶׁען אֵייךְ גֶערֶעדְט ; אִיךְ הָאבּ דַארִין קֵיין שׁוּלְד , אִיךְ הָאבּ אֵייךְ נִיט גֶעוָואלְט בֶּעהָארְכֶען , אִיהר הָאט צוּ הוֹךְ גֶערֶעדְט ; אָבֶּער , גָאטט הָאט עֶס אַזוֹא גֶעוָואלְט ! בֶּערוּהִיגְט אֵייךְ ! אִיהר ווִילְט זוּכֶען אַרְבֵּייט אוּנ הָאט זִיא שׁוֹן גֶעפוּנֶען , וָוארוּם מִיר וֶועלֶען אֵייךְ מִיט אַרְבֵּייט פֶערְזָארְגֶען , אָבֶּער , אִיךְ טוּ אֵייךְ בֶּעטֶען אַז אִיהר זָאלְט מִיר זָאגֶען וָואס מִיט אֵייךְ אִיז פָארְגֶעפַאלֶען“ .

„מִיר עֶנְטְלוֹפֶען פָאן רוּמִינְיֶען אוּנ גֶעהֶען נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל“ .

„גוּט , דָאס הָאבּ אִיךְ אַלֶעס בֵּייא נַאכְט פֶערְשְׁטַאנֶען ; אִיךְ הָאבּ אַזוֹאגָאר אָן אֵייעֶר שְׁפְּרַאכֶע פֶערְשְׁטַאנֶען אַז אִיהר זֶענְט רוּמִינְיֶער , אָבֶּער פַאר וָואס לוֹפְט אִיהר אַזוֹא אַוֶועקק פוּן רוּמִינְיֶען ? וָואס הָאט אִיהר גֶערֶעדְט פָאן שַׁאנְדְטְהַאטֶען , פָאן מָארְדֶערְהַאנְד ?“

„פְרוּהֶער זֵייעֶן זִיא אַזוֹא גוּט אוּנ זָאגֶען זִיא מִיר ; זֶענֶען זִיא אַ מַאמְזֶעלל אָדֶער אַ פְרוֹיא ?“ .

„אִיךְ בִּין אַ פְרוֹיא , אוּנ דָאס אִיז מֵיין מַאנְן“ .

ישעיה הָאט גֶעשְׁווִיעגֶען אוּנ הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף רבקה דִיא יְתוֹמָה וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעזֶעסֶען בֵּיים טִישׁ ; רבקה הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז זִיא אִיז דָא אוּבְּרִיג אוּנ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער קַאיוּטַא .

„יֶעטְצְט ווִילל אִיךְ אַלֶעס רִיכְטִיג עֶרְצֶעהְלֶען : מִיר זֶענֶען יֶעטְצְט רוּמִינְיֶער , דָאס הֵייסְט : מִיר זֶענֶען פוּן דֶעם שְׁטִיקֶעל רוּמִינְיֶען וָואס רוּסְלַאנְד הָאט נָאךְ דֶעם טוּרְקִישֶׁען קְרִיעג אָבְּגֶעטְרֶעטֶען אָן רוּמִינְיֶען ; וָואס מִיר יוּדֶען לֵיידֶען יֶעטְצְט אִין רוּמִינְיֶען , גֶעגֶען דֶעם בֶּערְלִינֶער קָאנְגְרֶעס וָוא מֶען הָאט אוּנְז גֶעגֶעבֶּען בּוּרְגֶער־רֶעכְט , אַז מֶען הָאט אוּנְז דָארְט כְּמְעַט עֶרְקְלֶערְט פַאר פָאגֶעלְפְרֵייא (הֶפְקֵר) דַארְף אִיךְ אֵייךְ נִיט זָאגֶען , עֶס אִיז גֶענוּג דָאס הוּנְדֶערְטֶע טְהֵייל פָאן דִיא צָרוֹת וָואס מֶען עֶרְלוֹבְט דִיא צֵייטוּנְגֶען צוּ שְׁרֵייבֶּען“ הָאט ישעיה אָנְגֶעהוֹבֶּען צוּ עֶרְצֶעהְלֶען .

„איהר דארפט אונז וועגען רומיניען אליין גאר ניט ערצעהלען, ווייל מיר ווענען אליין אויס רומיניען, ערצעהלט אונז אייער געשיכטע, האטש איך ווייס: אז עס וועט זיין איינע פאן דיא טויזענדע וואס קוממען טאג טאגליך פאר" — האט איהם ברוך געזאגט.

„אזוא, איהר זענט אליין אויך רומיניער! — האט ישעיה ווייטער געזאגט — געלובט איז גאטט! איהר וועט אונז גלובען, איהר וועט מיט אונז מיטפיהלען, א פרעמדער קענן עס ניט גלובען; אונזערע עלטערען האבען זיך גערעכענט צווישען דיא רייכע פאמיליען ביא יודען; מיך האבען זייא אבגעגעבען אין טעכנאלאגישען אינסטיטוט אונ איך האב אויסגעלערנט שלאססער־מעהאניק, מיין שוועסטער האבען זייא זעהר גוט געלאזט לערנען אונ בילדען; אבער מיין פאטער האט געהאנדעלט מיט דיא גוטסבעזיטצער, זיין געלד האט ער אללע מאל געהאט ביא זייא אין דיא האנד אונ, דאס איז געוועזען אונזער אונגלוק — אונזער שרעקקליך אונגלוקק!"

מיין מוטטער איז נאך אים טורקישען קריעג געשטארבען אים 77 טען יאהר; — איך בין דאמאלס נאך געוועזען אין אינסטיטוט —

„נאך דעם בערלינער קאנגרעס ווא מען האט אונז געזיכערט אללע בורגערעכטע — האט מען פון אונז אין רומיניען אללע רעכטע צו גענוממען; דיא ערעללייט האבען דעם יודען אויפגעהערט צו צאהלען וואס זיא זייען זייא שולדיג, אונ צו קלאגען איז ניט דא ווא אונ צו וועם, מען הערט אונז אין אירגענד, מען בלייבט אומעדום, ביא דער גערעכטעסטען זאך, אומגערעכט, מען פערשפיעלט אומעדום; דער פאטער איז געבליעבען איין ארעמסאנן; ווענן איך בין שון אהיימגעקוממען פאן אינס־טיטוט האט ער מיר ניט געקאנט העלפען אז איך זאלל מיך צו עפעס קאנען נעמען; מיין שוועסטער האט ער ניט געקאנט פערזארגען אונ ער איז .... פאר קוממער געשטארבען! איך האב דיא ווירטהשאפט פערקויפט פאר האלב געלד וויא פיעל עס איז ווערטה געוועזען; פאר דעם געלד האב איך מיר איינגעריכט א קליינע שלאססער־ווערקשטעלל אונ האב, ערליך אונ ארענטליך דערפון געלעבט מיט מיין שוועסטער; גוט איז אונז ניט געוועזען, עפעס זאממעלן איז אונמעגליך געוועזען, ווייל: אוב איך האב עפעס געארבייט פאר א רומיניער, איז פאן בעצאהלען גאר ניט געוועזען וואס צו רעדען, איך האב געקאנט צו פרידען זיין ווענן ער האט מיר ניט געגעבען קלעפ שטאטט געלד; מיר וואללטען שון לאנג אוועקק נאך דיא טורקייא אבער מיר האבען ניט געהאט מיט וואס צו פאהרען; אבער דיא נויטה איז א גוטע עצה־געבערין" זאגט דיא וועלט; אונז האט אויך דיא נויט ארויסגעהאלפען! דיא שאנדליכסטע נויט!".

„דיא געשיכטע איז קורץ! ניט ווייט פאן אונז, אין דיא גאסס ווא מיר האבען געוואונט, האט געוואונט א בעקקער־א רומיניער; דער שופט האט מיין שוועסטער געהוט יעדען שריטט, ער האט זיא ניט געלאזט רוהיג פארבייאגעהן,

אוּנ זִיא הָאט אָהן מִיר נִיט גֶעקֶענְט גֶעהן אַ שְׁרִיטט ; עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר צְוֵייא וָואכֶען , אָבֶענְדס , אִיךְ הָאבּ נֶאטְהִיג גֶעהַאט אַ שְׁטִיקֶעל אַרְבֵּייט פַארְטִיג צוּ מַאכֶען ; אוּנ מֵיין שְׁוֶועסְטֶער הָאט זֶעהְר נֶאטְהִיג גֶעהַאט צוּ גֶעהְן אוֹיף אַ אוֹגֶענְבְּלִיקק , צוּ אַ בֶּעקַאנְנְטֶע וָואס הָאט גֶעוואוּנְט נִיט אִין דֶער זֵייט וָוא דֶער בֶּעקֶער וואוּנְט - זִיא הָאט עֶס גֶעוַואגְט אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען אָהן מִיר ; עֶס הָאט קוים גֶעדוֹירְט אֵיינִיגֶע מִינוּט אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט , הַארְט בֵּיים טְהוּר , פָאן גַאסס צוּ מֵיין וֶוערְקְשְׁטֶעלל , אַ שְׁרֶעקְקְלִיכֶען שְׁרֵייע , נָאר אֵיין שְׁרֵייע , וִויא פָאן אֵיינֶעם וָואס מֶען דֶערְשְׁטִיקְקְט אִיהם אוּנ עֶר וֶוענְדְט אָן זֵיין לֶעטְצְטֶע קְרֶעפְטֶען זִיךְ צוּ רֶעטטֶען , צוּ רוּפֶען אוּם הִילְף ; מִיר אִיז דָאס בְּלוּט גֶערוּננֶען גֶעוָוארֶען אִין מֵיינֶע אָדֶערֶן , אִיךְ הָאבּ דִיא שְׁטִימם עֶרְקֶענְנְט , עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען מֵיין שְׁוֶועסְטֶערְס שְׁטִימם ; אוּנ זִיא רוּפְט מִיךְ אִין דֶער שְׁרֶעקְקְלִיכְסְטֶע נוֹטְה אוּם הִילְף ; מִיט אֵיין שְׁפְּרוּנְג בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען בֵּיים טְהוּר צוּם גַאסס , הָאבּ דִיא טְהוּר הַאסְטִיג גֶעאָפֶענְט אוּנ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז דֶער רוּמִינֶיער הַאלְט מֵיין הַאלְבּ־אָהנְמֶעכְטִיגֶע שְׁוֶועסְטֶער אִין דִיא לוּפְט מִיט אֵייךְ הַאנְד אַרוּמְגֶענוּמֶען , אוּנ מִיט דֶער צְוֵייטֶע הַאלְט עֶר אִיהְר מִיט זֵיין טַאשֶׁענְטוּךְ דָאס מוֹיל פַארְשְׁטֶעקְקְט , שׁוֹן פֶערְטִיג זִיא אַוֶועקק צוּ טְרָאגֶען ; אִיךְ הָאבּ דֶעךְ רוּמִינֶיער אָנְגֶעהוֹבֶּען אַזוֹא שְׁטַארְק צוּ שׁוּיקְלֶען פַאר זֵיין נִיט־מָאגֶער גֶענִיקק אַז עֶר הָאט גֶעמוּזְט מֵיין שְׁוֶועסְטֶער לוֹז לָאזֶען ; עֶס הָאט מִיךְ נִיט וֶועניג מוּה גֶעקָאסְט מֵיין שְׁוֶועסְטֶער אַרֵיינְצוּפוּהְרֶען צוּ אוּנְז אִין צִימְמֶער , אוּנ דֶער־בֵּייא דֶען שׁוּפְט וָואס הָאט אַנְגֶעוֶוענְדְט אַלֶלֶע קְרַאפְטֶען וִויעדֶער צוּ צוּקוּמֶען צוּ מֵיין שְׁוֶועסְטֶער אוּנ זִיא אוּיס מֵיין הֶאנְד צוּרוּקק אַרוֹיס צוּ רֵייסֶען צוּרוּקק צוּהַאלְטֶען , אָבֶער , עֶס אִיז מִיר גֶערָאטְהֶען , אִיךְ הָאבּ מֵיין שְׁוֶועסְטֶער אַרֵיינְגֶעפוּהרְט אִין צִימְמֶער , דֶען בֶּעקֶער וָואס הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעוָואלְט אַרֵיינְקְוֶועטְשֶׁען אִין צִימֶער , הָאבּ אִיךְ צוּרוּקק גֶעשְׁטוּססֶען , דִיא טְהוּר אָבְּגֶעשְׁלָאסְסֶען אוּנ , הָאבּ דוּרְךְ דִיא קִיךְ וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען נֶעבֶּען מֵיין וֶוערְקְשְׁטֶעלל , גֶעוָואלְט צוּרוּקְגֶעהן צוּ מֵיין אַרְבֵּייט ; אִין קוּךְ אִיז מִיר דֶער בֶּעקֶער , וִויא אַ גֶערֵייצְטֶער טִיגֶער אַקֶעגֶען גֶעקוּמֶען , מִיט מֵיין שְׁוֶוערֶען הַאמְמֶער אִין דִיא הַאנְד , אוּנ וִויא עֶר הָאט מִיךְ דֶערְזֶעהְן , אִיז עֶר צוּ מִיר הַאסְטִיג צוּגֶעלוֹיפֶען , דֶען הַאמְמֶער הוֹךְ אִין זֵיין הַאנְד , אֵיין מִינוּט נָאךְ , אוּנ עֶר וָואלְט מִיר דֶען קָאפּ צֶערְשְׁמֶעטטֶערְט , אָבֶּער , אִיךְ הָאבּ , נַאטוּרְלִיךְ , בַּארוּיף נִיט גֶעוָואלְט וַוארְטֶען , אִיךְ הָאבּ אִיהם מִיט מֵיין פוֹיסְט אַזוֹא גֶעוַואלְטִיג גֶענֶעבֶּען אִין גֶעזִיכְט אַז עֶר אִיז גֶעפַאלֶלֶען אוֹיפִין רוּקֶען , דֶער שְׁוֶוערֶער הַאמְמֶער אִיז אִיהם גֶעפַאלֶלֶען אוֹיף דֶעם גֶעזִיכְט אוּנ עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹבֶּען צוּ גֶעהְן בְּלוּט .

אִיךְ הָאבּ אִים אוּנְגֶענְבְּלִיקק גֶעזֶעהֶען אַז עֶס אִיז אַ שְׁרֶעקְקְלִיכֶע גֶעפַאהְר ! דָאס הֵייסְט : נִיט אַז דֶער רוּמִינֶיער אִיז אִין גֶעפַאהְר , וָוארוּם עֶר אִיז זֶעהְר גְלוּקְלִיךְ גֶעפַאלֶלֶען , אַזוֹא ; אַז דֶער הַאמְמֶער הָאט אִיהְם נָאר אַ בַּאקק אוֹיפְגֶערִיססֶען ; אָבֶּער מֵיין . מִיט מֵיין שְׁוֶועסְטֶערְס לֶעבֶּען וֶוענֶען אִין גֶעפַאהְר . דֶענְן , אוֹבּ עֶס וֶועט

דֶעם בֶּעקֶקער גֶעלִינְגֶען צוּ שְׁרַייֶען אַז מֶען זָאלל עָס הֶערֶען אִין גַאסס, וֶועללֶען זִיךְ צוּזַאמְמֶען לוֹפֶען רוּמִינְיֶער, עָס וֶועט הֵייסֶען: אַז „אַ זְשִׁידַאן" הָאט צוּ זִיךְ אַרֵיינְגֶענַארְרְט אַ רוּמִינְיֶער, אַ פָאללְבְּלוּטִיגֶען רוּמִינְיֶער, אוּנ הָאט אִיהם גֶעוָואללְט אוּמְבְּרִינְגֶען; נוּא, אִיהְר וֵוייסְט דָאךְ: אַז דֶער רוּמִינְיֶער מַאכְט קוּרְצֶען פְּרַאצֶעסס מִיט דֶעם יוּדֶען, עֶטְלִיכֶע מִינוּט אוּנ דִיא וֶועלְף וָואללְטֶען דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע שָׁאפְלֶעךְ צֶערִיססֶען! אוּנ אַז עָס וָואללְט שׁוֹן גָאר גוּט אָבְּגֶעלָאפֶען, וָואללְט גֶעקוּממֶען דִיא פָּאלִיצֵייא, וָואללְט אוּנְז אַרְרֶעסְטִירְט, דֶעם קְרִיעגְסגֶערִיכְט אָבְּגֶעגֶעבֶּען אוּנ... אִין 24 שָׁעָה אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען (אַזוֹא מְהוּט מֶען דָאךְ אִין רוּמִינְיֶען בֵּייא אַזָאלְכֶע זַאכֶען!) אוּנ וֶוער וֵוייס אוֹב עָס וָואללְט נִיט דֶערְפוּן גֶעוָוארֶען אַ בְּלוּטְבֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג, אוּנ דַאמָאלְס וָואללְטֶען דֶערְבֵּייא, פִּיעל אוּנ אֶפְשֶׁר אַללֶע יוּדֶען אִין רוּמִינְיֶען גֶעלִיטְטֶען אוּנ, פַאר דִיא אַנְטִיסֶעמִיטֶען וָואללְט זִיךְ אָנְגֶעהוֹבֶּען אַ נֵייֶע טִיסְכָא־עֶסְלַאר גֶעשִׁיכְטֶע! אִיךְ הָאבּ אוֹיף דֶעם אוֹיךְ נִיט גֶעוָואללְט וַוארְטֶען; גֶעשְׁוִוינְד הָאבּ אִיךְ גֶענוּממֶען דֶען הַאמֶער, הָאבּ אִיהם גֶעהַאלְטֶען פַאר זֵיינֶע אוֹיגֶען אוּנ אִיהם גֶעזָאגְט: אִיבּ עֶר וֶועט אָנְהוֹבֶּען צוּ שְׁרֵייֶען וֶועלל אִיךְ אִיהם זֵיין קָאפּ צֶעשְׁמֶעטֶערְן; עֶר הָאט גֶעשְׁוִויעגֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהם צוּגֶעלֶעגְט אַ לַאפֶּען מִיט קַאלְטֶעם וַואססֶער צוּ דִיא וואוּנְד, הָאבּ אִיהם פֶעסְטְגֶעבּוּנְדֶען הֶאנְד אוּנ פוּסס, דָאס מוֹיל פֶערְשְׁטָאפְּפְט מִיט זֵיין אֵייגֶען טַאשֶׁענְטוּךְ, הָאבּ אִין שְׁפַּאנן גֶעאֶפֶענְט דִיא טְהוּר פוּן קִיךְ אִין וֶוערְקְשְׁטֶעלל, דִיא טְהוּר פָאן וֶוערְקְשְׁטֶעלל צוּם גַאסס, הָאבּ אִיךְ אַ בִּיססֶעל גֶעאֶפֶּעגְט, אוּנ נָאכְדֶעם וִויא אִיךְ מִיט מֵיין שְׁוִוֶעכְטֶער הָאבֶּען הַאסְטִיג צוּזַאמְמֶענְגֶענוּממֶען דִיא זַאכֶען וָואס לָאזֶען זִיךְ לֵייכְט אַוֶועקק טְרָאגֶען, הָאבּ אִיךְ דִיא לִיכְט פֶערְלָאשֶׁען אוּנ בִּין מִיט אִיהר דוּרְךְ פֶערְשִׁיעדֶענֶע שְׁטִילֶּע גַאססֶען גֶענַאנְגֶען צוּ אוּנְזֶער בֶּעקַאנְנְטֶען וָואס וואוּנְט זֶעהר אָבְּגֶעלֶעגֶען, כִּמְעַט עֶקק שְׁטָאדְט. אוּנ, הָאבּ אַללֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט אַזוֹפִיעל מוּה אֵיינְגֶערִיכְט. אַללֶעס וָואס הָאט אוּנְז גֶעקָאנְנְט גֶעבֶּען דִיא מִיטְטֶעל צוּם לֶעבֶּען, גֶעלָאזְט אִים שְׁטִיךְ".

„בְּרַאוָוא יוּנְגֶער מֶענְשׁ! הָאט רחלה לֶעבְּהַאפְט גֶעזָאגְט אוּנ הָאט דֶעם יוּנְגֶען מֶענְשׁ גֶערֵייכְט דִיא הַאנְד — בְּרַאוָוא! זִיא הָאבֶּען גֶעהַאנְדֶעלְט וִויא אַ מֶענְשׁ בַּארְף הַאנְדֶלֶען; הַלְוַאי, וָואללְטֶען אַללֶע אוּנְזֶערֶע בְּרוּדֶער אָנְגֶעהוֹבֶּען צוּפוּהְלֶען: אַז זִיא זֶענֶען מֶענְשֶׁען".

„זֶעכְס טֶעג הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פֶערְשְׁטֶעקְט בֵּייא אוּנְזֶער פְרֵיינְד אִין אַ פִינְסְטֶערְן נַאסְכֶען קֶעללֶער, מִיר הָאבֶּען קֵיין לִיכְט גֶעזֶעהְן — הָאט דֶער מֶעכַאנִיקֶער וֵוייטֶער עֶרְצֶעהְלְט — גֶעלוֹבְּט אִיז גָאטט! אַז מִיר זֶענֶען צְוֵוייא גֶעזוּנְדֶע נַאטוּרֶען אוּנ עָס הָאט אוּנְז נִיט גֶעשַׁאדְט! מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶער פְרֵיינְד פֶערְקוֹיפְט אוּנְזֶער בִּיססֶעל זַאכֶען וָואס מִיר הָאבֶּען גֶערֶעטְטֶעט, צְוַואנְצִיג פְרַאנְק הָאט אוּנְז דֶער גוּטֶער מֶענְשׁ צוּגֶעבֶּארְגְט, מִיר זֶענֶען בְּשָׁלוֹם אַרוּבֶּער דִיא טוּרְקִישֶׁע גְרֶענְיֶיץ, אוּנ יֶעצְט זֶעהֶען זִיא אוּנְז דָא אוֹיף דִיא רֵייזֶע נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל; מִיר קֶענְנֶען נִיט

גענוג געזעהן דאנקען פאר דעם וואס מיר זענען, איין פאר אללע מאל לוז געווארען פאן רומיניען; איז עס דאך צושרעקקליך צו זיין א מענש, אונ מען זאלל זיך לאזען בעהאנדעלן ערגער וויא א הונד!״.

„וויא אונזער פריינד האט אונז געזאגט — האט ישעיה געענדיגט זיין ערצעהלונג — איז דער שופט, דער בעקקער, באלד נאך אונזער ענטלופען אויף דיא קניען ארויסגעקראכען דורך דיא טהירען וואס איך האב איהם געעפענט, צו זיך אהיים; ער האט באלד געשיקקט נאך דיא פאליציא, דיא פאליציא האט באלד ביי אונז דיא וואהנונג דורכגעזוכט, אללעם פערזיעגעלט אונ אונז, מיך מיט מיין שוועסטער, זעהר שטרענג געזוכט אין גאנצען שטאדט; נאטורליך אז זייא האבען אונז ניט געפונען, אונ איך ערלויב זייא מיט דעם גראכטען פערגעניגען אז זייא זאללען אונז en Concumatum (אין בילד, אונטער דיא אויגען) יעצט פערברענגען אדער אויפהענגען״.

„היה! קוממען זיא אהער צו מיר, זעטצען זיא זיך נעבען מיר, געבען זיא מיר איהר האנד, איך וועלל איהן זיין א גוטע שוועסטער אונ פריינדין! איהר האט ביידע ביי נאכט געזאגט אז איהר ווילט ארבייטען, גוט! איהר רעכענט זיך פאן היינט אן צו אונזער פאמיליע; מיר וועללען אללע ארבייטען אונ איהר וועט מיט אונז מיטארבייטען; נאטורליך: וועט איהר, ישעיה ניט דארפען ארבייטען מיט דיא געזונדע פלייצעס, אונ היה, וועט ניט דארפען דיענען אדער זוכען האנדארבייט, אזוא וויא איהר האט ביי נאכט גערעכענט; איהר וועט ביי אונז געפונען עדעלערע ארבייט, יעדער נאך זיינע ארט; באלד וועט צו אונז קוממען אונזער פאטער, אונ, איך ווייסס, אז ער וועט זיך פרייען ביי זיך צו האבען אזאלכע צוויא עהרליכע אונ עדעלע יונגע מענשען; איהר וועט אן איהם האבען א פאטער אונ איך וועלל אויף אייך ניט אייפערזיכטיג״ זיין — האט רחלה מיט גרוסס פריינדשאפט צו זייא געזאגט; זיא האט באלד אריינגערופען צו זיך רבקה׳ן אונ באפעהלען וויא זיא האט געהייסען דיא יונגע מענשען געבען פרישע, ריינע וועש, האט זיא זייא געבעטען אז זייא זאללען פאן היינט עססען ביי איהר טיש.

3.

שטילל אונ רוהיג איז געוועזען דאס מעער (ים), שטילל אונ רוהיג האט זיך דאס שיף פארווארטס געגליטשט אויף דעם וואססערשפיעגעל אונ דער שיפסקאפיטאן האט ערקלערט: אז ווענן עס וועט קיין געגענווינד זיין — אונ ער רעכענט: אז עס וועט קיינער זיין — וועט דאס שיף מארגען זיין אין ביירוטה; וויא האט זיך רחלה געפרייעט דערמיט וויא זיא האט געהערט; אז מארגען וועט זיא קוממען צו איהר הויפטציעל! אז מארגען וועט זיא דערזעהן דיא ערסטע שטאדט וואס פון איהר וועהט

מען שוי דען לבנון וואס איהר ריין הערץ האט מעהר וויא דרייא יאהר אזוא הייסס געהאפפט צו זעהען! וויא האבען זיך אללע אונזערע רייזענדע דערמיט געפרייעט!

צו מארגען איז רחלה זעהר פרוה אויפגעשטאנגען, האט זיך געוואשען אונ אנגעטהון דאס קלייד וואס זיא איז דארין געשטאנגען אונטער איהר חופה; נאטירליך: אז ברוך איז אויך באלד אויפגעשטאנגען; אסתר, דעם קאלאניסטס ווייב מיט רבקה'ן אונ איהר, דער קאלאניסטינס עלטערע מאדיל, קוים וויא זיא האבען אין דיא צווייטע־קאיוטא געהערט: אז רחלה איז שון וואך, זענען זייא באלד נעבען איהר געוועזען, ווארום זייא האבען זיא אבגעהוט, וויא מען הוט אב דיא אויגען אין קאפ, דענן זיא איז פאר אללע געוועזען דיא זעעלע, דאס לעבען; זייא האבען געזעהען אז אין רחלה'ן געהט עפעס אויססערארדענטליכעס פאר, קיינער האט גיט געוואגט זיא צו פרעגען וואס דאס איז, קיינער האט אונבערהויפט געוואגט אַ וואָרט צו רעדען אונ עס איז אין דיא קאיוטא הייליג שטילל געוועזען וויא אין אַ גאטטעס הויז — דאס הייסט: וויא עס דארף זיין אין אַ גאטטעט הויז, אין אַ סינאנאגא.

קוים האט אנגעהובען דיא זונן אויפצוגעהן איז רחלה, וויא אַ הייליגע, ארויסגעגאנגען אויף דעם פערדעקק; שטילל זענען מיט איהר ארויסגעגאנגען איהר מאנן אונ דיא אובריגע; וואונדערשאן איז געוועזען דאס וועטטער, וואונדעררייך דיא לופט, פאר זייערע אויגען האט זיך געוויעזען ביירוטה, וויא פאן ים ארויסגעוואקסען, גענענאובער איהר האט זיך געזעהען דער ריזענהאפטע לבנון אונ דיא זונן האט זייא מיט איהר מארגענשיין וויא פערגולדעט דיא שפיטצען; אַ הערליך שאנע גאטטליכע אנזיכט (פאנאראמא)! וואס מאכט אַ וואונדערבאר הייליגען איינדרוקק אויף יעדען וואס אונטערעסיערט זיך אזוא גאר ניט וועגען ארץ ישראל, הייגט וויא האט דאס געווירקט אויף רחלה'ס ווייך געפוהל וואס נאך דערצו איז יעטצט ארץ ישראל פאר איהר געוועזען איהר גאנץ טראכטען, איהר גאנצע האפפנונג, איהר גאנץ מאראלישעס לעבען! זיא האט אניעדערגעקניעט, וויא אַ מאל חנה, אונ האט שטילל אונ פרום געבעטען: גרוססער, בארמהערציגער גאטט! באלד וועלל איך בעטרעטען דאס הייליגע לאנד וואס דוא האסט אונזערע עלטערן געשענקט, דאס לאנד — וואו אונזערע עלטערן האבען דיר עהרליך געדיענט, דאס לאנד — וואו דוא האסט אונז געגעבען ליכט אונ גלויבען אז מיר זאללען ביידעס אין דיא וועלט פערברייטען, אַ לאנד — וואו אַ יונגעל וואס האט דיא שאפען געפאסעט, האט אַ גלית ערשלאגען אונ איז אזוא פאהיג געוועזען צו זיין אַ קאניג; אונ וואס פאר אַ קאניג: אַ קאניג וואס האט אונז אַ תהלים געשריעבען; אָ גאטט! מאך מיך ווערטה דיא הייליגע ערד צו בעטרעטען! דוא, נאר דוא, גוטיגער גאטט, קעננסט מיין הערץ אונ ווייססט, וויא עהרליך איך מיין עס יעטצט מיט דיר".

„אבער, דאס אייגענע הערץ איז אַ מאל ניט אזוא ריין געוועזען וויא יעטצט, עס האט זיך אַ מאל געלאזט פערפוהרען, עס האט אן דיר גאר געהאט פערגעססען

און האט זיין לעבען און האפפנונג געזוכט אין זאכען וואס האבען מיין לעבען און מיין האפפנונג פערגיפט. וואס האבען מיך אימטער ווייטער און ווייטער פאן דיר אוועקגעפוהרט; אבער, איך דאנק און לוב דיר; מיין גאטט! פאר דיא גנאדע וואס דוא האסט מיר ערוויזען אז דוא האסט מיר, בייאציימען געאפפענט דיא אויגען און, אוב עס איז נאך עפעס אין מיין הערץ קלעבען געבליעבען פאן יענעם שמוטץ, בעט איך דיך, בארמהערציגער גאטט! וואש עס ריין אז עס זאלל ווערטה זיין דיר אין גאנצען צו געהערען; לעש אוים אללען צווייפעל וואס נאך אפט בארין ברענט, דער צווייפעל אן דיין אללוויזהייט און אללגוטע".

„אללוויססענדער גאטט! דוא ווייססט אז איך בין א שוואך ווייב, מיט וועניג פערשטאנד און דאך ערדרייססט איך מיך אפט אובער דיינע וועגע צו דענקען און, א וועה! — צו צווייפעלן".

„ביטטערער צווייפעל! דאפפעלט ביטטער וויל ער זונדיג איז! אבער ער איז דא, און צעררייססט מיר אפט מיין הערץ".

„דוא האסט אונז, דיין פאלק, אויסערוואהלט, אז מיר זאללען דיך אלס איין איינציגען גאטט אנערקענען און עס דיא וועלט לערנען; מיר האבען עס אויף זיך גענוממען און טרייע אויסגעפוהרט; פעסט וויא דיא וועלט, גלויבען מיר אן דיר, אין פייער און וואססער, רויב און מארד, קנעכטשאפט און פעראכטונג קענען אונז דערפון ניט אבהאלטען; שון צוויא טויזענד יאהר וויא מען ברענט און פייניגט אונז, און מיר געהען פאן לאנד צו לאנד, אובער וואססער און בערג, מיט דיין תורה אויף דיא פלייצעס און דיך אין הארצען; מיר האבען פערמאגען און בלוט אוועקגעגעבען, ארום אונז האבען פלאממען געברענט, אונזערע ביינער פערברענט און מיר האבען צו אונזערע פייניגער, צו אונזערע מארדער דורך דיא פלאממען געשריען „ה׳ אלהינו ה׳ אחד! (אונזער גאטט, איז איין איינציגער גאטט!) און וואהין מיר זענען נאר געקוממען האבען מיר דיין נאמען בעקאנט געמאכט און פערהערליכט; דוא האסט אונז געהייססען: אז מיר זאללען הוטען דיין געזעטץ (מצות) בכדי אז דיא פעלקער זאללען זאגען: אז מיר זענען א קלוג און פערשטאנדיג פאלק און מיר האבען עס אזוא וויט געבראכט אז מען זאגט אויף אונז: אז מיר זענען צו קלוג, און וויא מעהר מען האלט אונז פאר קלוג אום זא מעהר שלאגט און פערפאלגט מען אונז, און אונזער קלוג פאלק לאזט זיך שלאגען און טרעטען אבער שון ניט צוליעב דיין ליעבען נאמען, נאר צוליעב דעם וואס זייא ווילען ווארטען: אפשר וועללען זייא א מאל געפעללען זייערע שולער (תלמידים).

„אבער פאר וואס עפפענסט דוא ניט מיינע ברודער דיא אויגען אז זייא זאללען זיך זעהען, אז זייא זאללען ערקענען זייער אייגענעם ווערטה? פאר וואס לאזט דוא דיא פעלקער ניט פערשטעהן: אז ניט זייא נאר דוא האסט דיא וועלט געשאפפען, אז אויך דאס געזעטץ, דיא רעכטע האסט דוא געגעבען? און דוא האסט דאך

געזאגט אז מען זאל יעדען ליעבען וויא זיך אליין! ביטטערער, זונדיגער צוויפעל!"

„גוטער גאטט! דער שטרענגסטע פאטער בעשטראפט זיין קינד אליין, בייא זיך אין דערהיים, אונד וויל ניט ליידען אז פרעמדע זאללען זיין קינד שלאגען; א גאטט! געוויסס זענען מיר ווערטה אז דוא זאללסט אונז בעשטראפען; מיר זענען נאך אפשר קיין מאל מעהר ווערטה געוועזען בעשטראפט צו ווערען, וויא יעטצט; אבער, שטראף אונז, וויא א בארמהערציגער פאטער, דוא אליין, בייא זיך אין דערהיים, אונד לאזען ניט פרעמדע שלאגען דיינע קינדער, דיין פאלק ישראל!"

„פערציה דיינע פעראירטע קינדער וואס מען קוועלט אזוא! פערציה אויך זייערע פיינדע, אונד שיטץ דיא וואס שיטצען זייא! אמן". אונד ברוך מיט דיא איבריגע האבען הייסס נאכגעזאגט „אמן".

רחלה איז אויפגעשטאנען, דיא אויגען זענען איהר רויטה געוועזען פון וויינען, אבער, איהר געזיכט איז געוועזען קלאר אונד מונטער, איהר הערץ איז געוועזען ריין אונד לייכט; ברוך האט זיא ארומגענוממען אונד געדרוקקט אן זיין הערץ „רחלה, איך בין דיך ניט ווערטה! איך בין נעבען דיר אזוא קליין, אזוא ניכטיג, אז איך פערליער מיך אין גאנצען" האט ער איהר געפלוסטערט געזאגט, אבער רחלה האט איהם אנגעקוקקט אונד געזאגט: ברוך, אן דיר קלעבט נאך א ביססעל שטויב פאן דארט, עס איז אין ים דא וואסער גענוג, וואש איהם אב; וויא קענן א מענש זיך אליין אזוא ערניעדריגען? דוא ביזט מיך ניט ווערט! דוא ביזט נעבען מיר קליין! אונד דאס וואס זיא האט איהם געזאגט איז געוועזען אזוא ערהליך, אזוא אהן קונסטען, אהן „מאקט".

דאס שיף איז געקוממען נאך יפו, דיא לעטצטע סטאציע פאר דיא וואס פאהרען נאך ארץ ישראל, דיא פאססאזשירען האבען זיך געאיילט אויסצושטייגען אונד קוים, זענען אונזערע פריינד געוועזען אין א נאסטהויז; איז ברוך געפאהרען צום טעלעגראפה ר' מרדכין געבען א דעפעשע אז זייא זענען שון אין יפו, אונד רחלה האט זיך געזעטצט שרייבען א בריעף צו איהרע עלטערן.

„גוטע, טהייערע עלטערן!"

עס איז קוים א פיערטעל שעה וויא מיר זענען אין יפו, וויא מיר האבען דיא הייליגע ערד בעטרעטען אונד, נאכדעם וויא איך האב הייסס גאטט געדאנקט פאר דיא גנאדע וואס ער האט אונז גליקקליך אהער געפיהרט — איך קענן זאגען — אויף פליגעל אהער געטראגען, וויל אין דיא גאנצע רייזע איז דאס שיף רוהיג אונד ראש געגאנגען זיין וועג — איז אין דעם אויגענבליקק מיין ברוך אויף דעם טעלעגראפהען ביורא איך געבען א דעפעשע אונד איך שרייב אייך א בריעף.

איהר, מיינע גוטע עלטערן, וועט עס אליין גוט פערשטעהן אז איך האב

נים אונז קענן נאך נים האבען אייך וואס צו שרייבען פאן אונזערע אויסזיכטען אדער פאן לאנד אליין; אויך פאן אונזער רייזע קאנן איך אייך מעהר ניט זאגען וויא דאס: אז דאס וועטטער איז דיא גאנצע צייט געוועזען הערליך שאן אונ עס האט קיינער פאן אונז עטוואס געליטטען, קורץ: דיא רייזע האט אויסגעזעהען וויא מען וואללט געפאהרען שפאצירען; אויך וואס אונז בעטרעפט זענען מיר אללע, גאט לוב, געזונד אונ מונטער, אונ איך? נוא, קוממט נאר באלד אהער, אונ איך וועלל זיין גלוקקליך, וויא אים היממעל!

אויף דעם שיף, האבען מיר געטראפען צוויא יונגע מענשען, א שלאססער-מעכאניקער מיט זיין שוועסטער, ביידע אונפערהייראט, זייא האבען געמוזט ענטלויפען פון רומיניען; פערשטעהט זיך: וויל א רומינער באקקער האט זייא געוואלט אויף דיא שאנדליכסטע ארט קרענקען, אונ זייא האבען זיך ערלויבט: זיך ניט צו וועללען לאזען בעליידיגען; מיר האבען זייא גענוממען צו זיך, זייא וועללען ביא אונז זעהר גוט קאננען זייער ברודט פערדיענען, דענן זיא ווילען ביידע גערן ארבייטען; נאטורליך: וועללען מיר מוזען פאר זייא געפונען ארבייט וואס פאר זייא פאסט, דענן זייא זענען ביידע זעהר געבילדעט, זעהר גוט ערצויגען אונ זעהר ערהרליך.

אונזער קאלאניסטענפאמיליע בעווייזען זיך מיט יעדען טאג מעהר וויא ערהרליך אונ געטרייא זייא זענען אונז; הערצליכע, בראפע, דאנקבארע מענשען!

וואס מאכט אונזער מרים מיט איהר פאטער? ארמעס מעדכען, זיא איז זעהר אונגלוקקליך! איך וועלל איהר באלד שרייבען אונ זיא בעטען אז זיא זאלל אפט קוממען צו אייך, אונ זאלל אייך אללעס ערצאהלען וואס וועט ביא איהר פאר-קאממען, אונ איהר, גוטע עלטערן. זוכט זיא צו טרייסטען, דאס הייססט: אוב זיא וועט אייך וועללען אללעס זאגען.

עס וועט ניט אויפהערען גאטט צו געבען אז ער זאלל אייך וויא אם געשווינדעסטען גלוקקליך אהערברענגען, אייער, מיט הערץ אונ זעעלע ערגעבענע טאכטער.

רחל

יפו, ערב ראש חדש תמוז תרמ״...

איך וויל דיא ליעבע לעזער אונ לעזערין ניט מעהר בעשרייבען דיא טרויריגע סצענעס וואס טאג טעגליך מיט אונז יודען אין רומעניען פארקוממען; יעדער קענן זייא, יעדער פוהלט זייא, יעדער וועט פון זייא שוער ערדרוקקט; אויך וויל איך ניט מעהר רעדען פאן דעם פערבלענדעטען הולטייסקין לעבען ביא אונז יודען אין רומיניען, יעדער קענן עס אויך; דער פערנונפטיגער מענש פעראכטעט עס אזוא וויא איך פעראכט עס, אונ דער פערבלענדעטער נארר וואס לאזט זיך פאן דעם ניכטיגען שטוב, פאן דעם גיפטיגען אייראפאאישען זאטום פערפעסטען. וועט מיך נאר אויסלאכען אונ מיך געוויסס האלטען פאר משוגע; איך מוז יעטצט אונבעדינגט

מיין גאנצע ארט ערצאהלונג אנדערס פוהרען, איך מוז איהר איין אנדערע פארם געבען; איהר זעהט, מיינע עהרליכע פערנונפטיגע לעזער אז יעטצט אנדערן זיך דיא סצענען אין מיין געשיכטע. נוא, כוז איך דיא דעקאראציעס אויך אנדערן; וואללט דאס געוועזען בייא ברוך'ן מיט רחל'ה א שדוך וויא געוואהנליך, וואלט איך געהאט צו ערצעהלען: אז נדן, האט ר' מרדכי געמוזט אניעדערלעגען ברוך'ן באאר געלד, לכל הפרות, פונפציגטויזענד פראנק, אויסשטייער – האט געקאסט פונפאונצוואנציגטויזענד פראנק, א ווירטהשאפט – פונפצעהנטויזענד פראנק. פאן אונטער דער חופה זענען באלד דאס פאר פאלק אוועקגעפאהרען צום וואקזאל צו מאכען א לוסטרייזע, אדער וויא מען רופט עס אין דיא גרויסע וועלט" א האכצייטס-רייזע", נאטורליך: נאך דיא שווייץ, פראנקרייך אונ איטאליען; זיא וועללען זיך אזוא הערומטרייבען א חדש אדער צווייא אין דיא האטעלס אין מהעאטערם, וועללען מאכען רייזעקאסטען 10—15 טויזענד פראנק אונ אהיים קוממען פערטיגע... געוואנדערטע נארען; אבער דא איז שון מעהר וויא א חדש נאך דיא חתונה, אונ מען האט נאך גאר ניט בדעה צו רעדען וועגען נדן, קיין רייכע אויסשטייער, קיין גרוסבארטיגע חתונה, קיין פערשווענדעריש מאבעל אונ דיא רייזע נאך דער חתונה האט מען ניט אנגעהויבען צו מאכען פון אונטער דיא חופה, אונ נאך דערצו גלייך נאך ארץ ישראל, מיט דער בערעכנונג: צו העלפען ארעמע ברודער; איהר זעהט אז מיינע העלדען האלטען ניט פון דיא ליעבע היינטיגע מנהגים, נוא, איך וועלל מיך אויך אנהויבען, מיט מיין ערצעהלונג, אנדערס צו פוהרען וויא ביז אהער, אונ אללעס וואס עס וועט צווישען אונזערע העלדען פארקוממען וועללען דיא ליעבע לעזער לעזען פון זייער אייגענע בריעף וואס זייא וועללען שרייבען איינער צום אנדערן.

## רחלה אן מרים.

ליעבע, גוטע מרים!

איך בין שון זייט פיער טאג אין יפו, דאס הייססט: איך האב שון פיער טאג געלעבט; איך זעה יעטצט ערכט העלל געננג: אז איך האב ביז יעטצט ניט געלעבט, וועניגסטענס, ניט גאנץ געלעבט; ערלעבט מען דאך בייא אייך אזוא זיפאטט ווענינ גוטעס אונ אזוא אויסערארענטליך פיעל שלעכטעס, אז דאס גוטע איז קוים איין קליינער טראפפען באלזאם אין דען גרוסען בעכער גיפט וואס מיר מוזען אונאויפהערליך טרינקען! יא, גוטע מרים, איך הוב מיין לעבען ערסט אן פון פאר עטליכע טאג צו רעכנען, אונ איך וועלל מיר אללע מוהע געבען אז איך זאלל אללעס פערגעססען וואס איך האב אין צוואנציג יאהר בייא אייך ערלעבט אונ אובערלעבט; אללעס, אללעס וואס בייא אייך איז וויל איך פערגעססען, נאר ניט דיך, מיינע מרים; דוא זעהסט: אז איך האב קיין פערגאנגענהייט, אונ דיא צוקונפט

לאכט מיר ענטגעגען; איז עס דענן ניט שון גענוג גלוק ווען מען לעבט אהן דרוקק, אהן יעדע מינוט פעראכט צו ווערען!

דוא זאללסט אָבער ניט מיינען: אז איך האב מיינע צוואנציג יאהר אין גאנצען פערלארען אָדער אונגוטצט געלעבט; ניין! וואָללט איך דענן דאס היעגע פרייע לעבען געקענט ריכטיג אונ גאנץ פוהלען, ווען איך וואָללט ניט דאס עלענדע לעבען ביי אייך געזעהען? אזוא ווענינ וויא מען וואָללט דאס ליכט ריכטיג אונ פאלל געקאנט שאצען, ווען עס וואָללט ניט פינסטער געוועזען; איך האב ביי אייך דיא פינסטערע נאכט געזעהען אונ פרייע מיך דאפפעלט אז איך האב היע דאס ליכט געפונגען; אויך לעבט מען היע לאנגער וויא ביי אייך; איך האב אין מיין גאנץ לעבען נאך ניט געזעהען אזוֹפיעל אלטע וויא איך האב היע געזעהען אין דיא פיער טעג; אונ וועלכע אלטע! וויא פריש איז נאך דער אכטציגיאהריגע מאנן! וויא קלאר אונ העלל זיינע געדאנקען!

איך קענן דיר פון היעגען לעבען נאך גאר ניט שרייבען, ווייל איך קענן עס נאך ניט; יפו איז קיין גרוססע שטאדט, אָבער וועלכעס לעבען זעהט מען דא! וויא זיך אללעס פרייא אונ אונבעזארגט דא בעוועגט! דוא זעהסט יעדעס געזיכט לאכען, יעדער איז מיט זיין לעבען צופריעדען; אָבער וואס געהט מיך יפו אונ דאס גאנצע לארמענדע לעבען אן? איך האב קיין אוגען, קיין אוערן, אויך קיין זינן דער־פאר, איך וויל דאס שטיללע פריעדליכע לאנדלעבען! איך וויל לעבען אין דיא פרייע, אונגעצוואונגענע נאטור! דענן אין דיא נאטור איז גאטט!

מארגען פאהרט אונזער בראפע קאלאניסט בעזעהען א שטיקק לאנד וואס מען שלאגט אונז פאר צו קויפען, וואס עס וועט געשעהען וועלל איך דיר שרייבען.

עס האבען זיך אויף דעם שיף צו אונז געזעללט צווייא יונגע מענשען אונפער־הייראטהעטע, שוועסטער אונ ברודער; מרים, וועלכער שאטץ, וועלכער רייכטהום פון עהרליכקייט אונ זיטטליכקייט! עס זענען צווייא יונגע מענשען וואס זענען ענטלויפען פאן רומיניען ווייל זייא האבען גאר קיין לוסט געהאט זיך צו לאזען הענגען אונ געהאנגען וואָללט מאן זייא געוויסס, פאר דיא אונערהערטע העזה וואס דאס ליעבע מאדיל איז אזוא טגענדהאפט אונ דרייסט געוועזען זיך ניט צו לאזען ענטעהרען אונ, דער ברודער — ווייל ער האט זיך ערלויבט זיין שוועסטער ארויסצורייסען פאן דעם עדעלן רומינער באקקערס שמוציגע האנד.

מרים! פריינדין! שוועסטער! דוא האסט מיר פאר מיין אבריייזע געזאגט „רחלה; איך בענייד דיך"; גרוססער גאטט! וואס פאר אשרעקקליכער אונטערשייד עס איז צווישען מיר אונ דיר! דוא בעניידעסט מיך אונ איך, וועה! איך האב מיט דיר מיטלייד, איך קענן ליידער דיין לאגע, איך ווייסס וואס דוא ליידעסט, איך פער־שטעה פיעל מעהר וויא דאס וואס דוא האסט מיר געזאגט, אונ גלויב מיר, אז איך טראג א טיעפע וואונד אין מיין הערץ אובער דיר; וועט ווילסט דוא, וועם קאננסט

דזא יעטצט ערצעהלען. דיין ליידען אז עס זאלל דיר עטוואס לייכטער זיין צו טראגען; זענען וויא דאך אללע ביא איך אזוא פאלש! אבער, מרים, געה אפט צו מיינע עלטערן, ערצעהל זיא אללעס וואס דיך וועט דרוקקען, אונד דוא ווייסט זעהר גוט, אז: וואס מיינע עלטערן וועללען דיר זאגען, וועט זיין עהרליך אונד גוט.

ליעבע מרים! איך וועלל דיר ניט וויעדער אזוא געשווינד שרייבען, איך וועלל דיר ניט האבען וואס צו שרייבען, ווארום, ביז איך וועלל מיך שון האבען איינגעריכט אויף דעם לאנד וועלל איך לעבען איינגעשלאסען; אבער דוא, מרים, שרייב מיר אפט אונד פיעל, דענן, איך האב מורא: אז דוא וועסט מיר האבען פיעל צו שרייבען, אונ, ווא האסט דוא דען נאך אזוא א טרייע, שוועסטערליכע פריינדין וויא אן מיר?

יפו, תמוז תרם... דיין רחלה

## רחלה צו מרים.

טהייערע מרים! ענטשולדיג וואס איך האב דיר אזוא לאנג נאר ניט געשריעבען; איך האב דיר אין מיין ערסטען בריעף געשריעבען: אז, ביז איך וועלל מיך האבען אויף דעם לאנד איינגעריכט, זאללסט דוא פאן מיר קיין ווארט ווארטען. יעטצט, לעבען מיר שון אויף דעם לאנד, אללע הענד זענען בעשעפטיגט מיט ארבייט, אללעס ארבייט גערן, אונד אומעדים איז אונזער קאלאניסט דער ערסטע; דער יונגער מעכאניקער צייכענט פלאנען צו נייע מאשינען, זיין שוועסטער, דאס ליעבע מאדיל! רוימט, נאהט אונד שטיקקט, אזוא אז איך מוז מיך שאמען, וויא לאזט מיר גאר ניט וואס צוטהון, צו וואס איך וויל מיך נעמען צו טהון איך געפונן עס שון געמאכט.

מרים! פאר מיין אבריגע האסט דוא מיר געזאגט אז דוא בענייערסט מיך. יא, טהייערע זעלע! דוא מאגסט מיך מקנא זיין, דענן איך בין גלוקקליך; אבער וויא אזוא קעננסט דוא מיך בענייערען אום א גלוקק וואס דוא פערשטעהסט ניט, וואס דוא קאננסט דיר ניט א מאל א בעגריף מאכען פאן אזוא א גלוקק? נור ווענן מען זעהט דען שאנען בלויען היממעל, נאר ווענן מען פוהלט דיא ריינע פרישע לופט, פוהלט מען וואס דאס הייסט „לעבען"; יעטצט, ערשט יעטצט ווייסס איך אז איך לעב! איך ווייסס: אז איך בין צוואנציג יאהר געוועזען לעבעדיג בעגראבען; איך בין צוואנציג יאהר געוועזען אין א גיהנם ווא עס איז נאר דא קוואל אונד שמערץ;

מיין ליעבער מאנן, האט שון געקויפט א גרוכס שטיקק לאנד מיט פערטיגע, גרוססע אל־וויין־אונד אובסטגארטען, מיט ווייטע פעלדער אונד שאנע געבוידען; אך! וויא שאן דאס אללעס איז! מיט וועלכעם באלזאם איז דיא לופט געווירצט! מרים! עס הערט אויף אללע קונסט, אללע פאעזיא, דיא פהאנטאזיע אליין איז צו שוואך דיר, וועניגסטענס, א קליין בילד פאן היעגען לעבען צו געבען, גלוקקליכער קענן מאן אין היממעל ניט לעבען!

(קאלאניסטין ח״ב) מרים

מרים! הָאסְט דוא לוּסְט צוּ לֶעבֶּען? ווילְסְט דוא ווִיסֶען וָואס דָאס אִיז אַיינְגֶענְטְלִיךְ „לֶעבֶּען", טָא אֵייל זִיךְ.

און קוּמם גֶעזוּנְד צוּ דֵיין נֵייאַנְגֶעבּוֹירֶענֶע, גְלוּקְלִיכֶע

**רחל**

ארץ ישראל, קאלאניע „אהבת אחים" (ברודערליבע) אב, תרמ...

P. S. תִּשְׁעָה בְּאָב, ווֶעלֶען מִיר אַלֶע פָאהרֶען נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם – מִיר וואַרְטֶען אַכְט וואָכֶען פוּן דָארְט – אַךְ! ווִיא ווִילל אִיךְ דָארְט ווֵיינֶען פַאר אוּנְזֶער פֶערְלָארֶענֶעם גְלַאנְץ! ווִיא ווִילל אִיךְ בֶּעטֶען פַאר אוּנְזֶערֶע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער! אִיךְ קֶענְן שׁוֹין קוּים דִיא מִינוּט עֶרְוַוארְטֶען יְרוּשָׁלַיִם צוּ זֶעהֶען.

## רחל צו מרים.

לִיעבֶּע מרים! דוא שְׁרֵייבְּסְט מִיר: אַז מֶען לַאכְט פָאן מִיר אִין דִיא „גְרוֹסֶע וֶועלְט", מַאנְכֶע אַזוֹאָגַאר בֶּעדוֹיֶערן מִיךְ און מַאנְכֶע בֶּעהוֹיפְּטֶען: אַז אִיךְ בִּין קְרַאנְק; מַיין גָאטְט! ווִיא קְלֵיין אִיז דָאךְ אֵייעֶר גְרוֹסֶע ווֶעלְט! אָבֶּער, וָואס קֶענֶען מֶענְשֶׁען, וָואס זֶענֶען גֶעבָּארֶען און עֶרְצוֹיגֶען גֶעוָוארֶען אִין אִירֶענְהוֹיז ווִיסֶען פָאן אַ גֶעזוּנְדֶען פְרֵייֶען לֶעבֶּען? אַז מַיין לִיעבֶּער מַאנן הָאט דָאס גֶעלֶעזֶען, הָאט עָר זֶעהר רִיכְטִיג גֶעזָאגְט: אִיךְ בֶּעדוֹיֶערֶע דִיא מֶענְשֶׁען, זִיא לֵיידֶען אָן אַ אוֹיסְשְׁלַאג און דַארוּבֶּער גֶעפֶאלְלְט זֵייא אַזוֹא שְׁטַארְק, ווֶענְן מֶען קְרַאצְט זֵייא, אַז מֶען שִׁינְדֶעט זֵייא דִיא הוֹיט, דָאס אֶערְגְסְטֶע פַאר זֵייא אִיז אָבֶּער וָואס זֵייא פָאלְגֶען נִיט דֶענְן דָאקְטָארְס עֶהְרְלִיכֶען רַאטה צוּ גֶעהְן דָארְטְהִין וָוא עֶס אִיז דָא רֵיינֶע פְרִישֶׁע לוּפְט; דוא זֶעהְסְט, מרים, אַז מִיר הָאבֶּען עֶס צוּ טְהוּן מִיט הַארְטְנֶעקִיגֶע נַארֶען!

גוּטֶע מרים! ווִילְלְסְט דוא זֶעהֶען אַ לַאנְד וָואס דִיא נַאטוּר אִיז דָארְט אִימֶער בֶּעשֶׁעפְטִיגְט דֶעם מֶענְשֶׁענְס לֶעבֶּען לֵייכְט און זִיס צוּ מַאכֶען; ווִילְלְסְט דוא זֶעהֶען אַ גֶעזֶעלְשַׁאפְט פָאן לוֹיטֶער שְׁוֶועסְטֶער און בְּרִידֶער; ווִילְלְסְט דוא עֶנְדְלִיךְ הָאבֶּען אַ הִימֶעל אוֹיף אוּנְזֶער עֶרְד, טָא אֵייל זִיךְ און קוּמם אַהֶער! דָא הָאסְט דוא אֵייבִּיגֶען זוּמֶער, דָא זֶעהְסְט דוא דָאס גַאנְצֶע יָאהר דִיא פֶעלְדֶער גְרִינֶען, דִיא גָארְטֶען בְּלִיהֶען; דָא הָאסְט דוא יֶעדֶען טָאג טוֹיזֶענְדֶערְלֵייא פְרִישֶׁע פְרוּכְטֶע, דָא – הָאט דֶער מֶענְשׁ נִיט נֶאטְהִיג דָאס גַאנְצֶע יָאהר צוּ אַרְבֵּייטֶען ווִיא אַ לַאסְטְטְהִיעֶר, דָא – הָאט דֶער לַאנְדְאַרְבֵּייטֶער נָאר נֶאטְהִיג ווִינְטֶער אֵיינִיגֶע שָׁעה אִין טָאג צוּ אַרְבֵּייטֶען און זוּמֶער, לֶעבְּט אַלֶעס ווִיא דִיא זוּמֶערְפֶאגֶעלֶעךְ אִין דִיא שַׁאטִיגֶע גֶעווִירְצְטֶע גָארְטֶען דָא – פֶערְנַאכְמֶעלן מִיר זִיךְ יֶעטְצְט, אִים זוּמֶער, יֶעדֶען אָבֶענְד, מִיר שְׁפִּיעלֶען, מִיר זִינְגֶען, און מַאנְכֶעס מָאל ווִירד גֶעטַאנְצְט אוּנְטֶער דֶעם פְרֵייֶען הִימֶעל; מִיר טְהוּן דָאס פְלֵייסִיג, אַז דִיא אַרְבֵּייטֶער זָאלֶען זִיךְ אַבִּיסֶעל עֶרְהוֹלֶען נָאךְ דֶער אַרְבֵּייט, אַזוֹא הָאבֶּען דָאס אוּנְזֶערֶע פְרוֹיֶען אִין דִיא אַלְטֶע גוּטֶע צֵייטֶען אוֹיךְ גֶעטְהוּן; אִיבֶּערְהוֹיפְּט צֵייכֶענְט זִיךְ דֶערְבֵּייא אוֹיס אוּנְזֶער עֶהרְלִיכֶער מֶעכַאנִיקֶער.

ער זינגט וואונדער שאן, אונ זינגט אזאלכע שאנע פאטריאטישע ליעדער אז עס איז א פערגניגען איהם צו הערען; עס זענען איבערהויפט אללע ביא אונז הערליכע, בראווע מענשען, אונ וועללכע טרייע זעעלען! מיר לעבען דא וויא איין פאמיליע.

פאן ירושלים קענן איך דיר גאר ניט שרייבען, איך בין ניט אים שטאנד א טויזענדסטהייל דיר צו זאגען וואס מען פוהלט אין דער היילינע שטאדט, דאס מוז מען אליין זעהען אונ פוהלען.

פאר וואס קוממסט דא גאר ניט צו מיינע עלטערן? פאר וואס שרייבסט דוא מיר גאר ניט וואס מיט דיר איז, וואס דיין אלבערט טהוט? דיין שווייגען שרעקקט מיך שרעקקליך. אבער, מרים, ווען דענן ווילסט דוא זאגען וואס דיך דרוקקט? אונ ליידער, איך פוהל עס אז דיך דרוקקט וואס אויסערארדענטליכעס שרייב דאך באלד' אונ שרייב אללעס, מיר, דיין שוועסטער.

ארץ ישראל, קאלאניע אהבת אחים, סוף אב, תרם... רחל

## מרים צו רחל.

מיינע טהייערע, מיינע גוטע רחלה! דיינע בריעף צערייססען מיין וואונד הערץ, זיא שטעללען מיך צווישען צווייא פייער, אונ דאך מאכען זיא מיך אזוא גלוקקליך! אונ דאך קוהלען אונ טראסטען זיא מיך אזוא זעהר!

שטעלל דיר נאר פאר מיין אונגלוקקליכע לאגע? מיין הערץ איז קראנק, עס ליידט אן א... ליבעס-בלאזכען, מיינע זעעלע אבער רייססט מיך אהין, ווייט, ווייט פאן דא אונ, דאס אללעס טהוט וועה, עס שמערצט שרעקקליך! דייטליכער צו זאגען: איך בין דער „ארמער פאגעל אים גאלדענעשטייג" דיא „אונגלוקקליכע פליעג אים האניגטייג" וויא דוא זינגסט אין דיין ליעד; מיינע זעעלע ציעהט מיך מיט היילינער געוואלט צו דיר, אינס היילינע לאנד, אין דיא היילינע פרייע לופט. אבער, וועה! איך בין היער געפאנגען, געבונדען, איך בין אויך „געשמיעדט אין גאלדענע קייטען, אן... אן כיין אלבערט, מיך האלט היער... דיא ליעבע.

גוטע רחלה! ראטהע מיר: וואס זאלל איך טהון? זאלל איך דאס לעבען אבען אין דער פרייהייט אדער אין דער ליעבע? דענן ביידעס צוזאממען וויא דוא עס האסט, קענן איך ליידער ניט האבען, וויל: מיין אלבערט איז דער ביטטערסטער פיינד פאן ארץ ישראל; ער העננט צו שטארק אן דעם אייראפאישען לעבען.

מיין אלבערט ליעזט דיינע בריעפע אונ מיינט — פערציה! : אז דוא ביזט דאס רייכע, פערצויגענע מאדיל אונ דוא ווייססט אליין ניט וואס דוא ווילסט; דיינע עלטערן — זענען פאנאטיקער אונ בערנהארד — איז א פערליעבטער נארר; דוא פערשטעהסט דאך יעטצט: אז ער זאגט מיר דייטליך גענוג „איך בין אזוא א נארר ניט!" ער וועט מיט מיר אום קיין פאלל געהן נאך ארץ ישראל, וואס זאלל איך טהון?

איך האב אמאל דיינע בריעף פארגעלעזען א דאמע פון דיא „גרוססע וועלט“, זיא האט אויף אללעס וואס דוא שרייבסט קיין ווארט געזאגט, אבער קוים בין איך פערטיג געווארען מיט דעם לעזען, האט זיא מיט אויסערארדענטליכען שפאטט געזונגען דאס בעקאנטע ליעדעל „דוא ביזט פעררוקקט מיין קינד“; איך גלויב: אז דאס איז אויך דייטליך גענוג געענטווערט.

ערבארמע דיך אונ ענטוועהר באלד דיין שרעקקליך אונגלוקקליכע פריינדין.

31. אויגוסט ... 188 מרים.

P.S. מאן זאגט: אז דיין געעהרטער פאטער האט שון פיעלע יודישע פאמיליען געשיקט פאן היע צו אייך נאך ארץ ישראל; עס הייסט: אז דיינע עלטערן אליין וועללען אויך באלד אהינפאהרען; עס זענען שון דא מאנכע וואס בעניידען אייך, צווישען זיא איז דער ערסטער, מיין פאטער; ער האט מיר פאר איינינע טאג געזאגט: ער שרעקקט זיך נאר אז ער איז צו שוואך צו אזוא א רייזע, ווענן ניט, וואלט ער אויך קיין זאך געקוקקט אונ וואלט געגאנגען נאך ארץ ישראל; אך! ער ווערדט ליידער מיט יעדען טאג שוואכער אונ קראנקער, אלבערט דערפאר, ווערדט מיט יעדען טאג פעטטער אונ דעספאטישער; דעם ארמען פאטער קרענקט עס אזוא וויט אז ער האט אמאל געזאגט: אן אלבערטן האב איך מיר אן מיין אייגענעם בוזען א שלאנג ערצויגען; יעצט פערשטעהע וויא מיר איז צו מוטה!

## רחלה אן דיא עלטערן.

טהייערע, הערצליך־געליבטע עלטערן!

איך מוז אייך זאגען דיא ווארהייט אז מיך קראנקט אונ שמערצט יעדעס מאל ווענן איך זעטץ מיך, צו אייך שרייבען; איהר, מיינע גוטע עלטערן זענט מיינע זעלע, אונ מיר וואללטען געבארפט זיין אונצערטרענגליך בייאזאממען, וויא צוזאמבענגעוואכסען, איך זעה יעצט: אז אהן אייך בין איך נאר נישט, וויא איין קארפער אים שלאף, ער לעבט, ער בעוועגט זיך, אבער אהן זעעלע; אך, וויא איז דאך דער מענש סקלאפע ביי דען אומשטאנדען!.

דאפפעלט קרענקט עס מיך, אז איך זיטץ מיר דא וויא א פורסטין, איך קאנן זאגען: אז איך באד מיך אין לעבען, מיר לאכט אללעס, לאכט דיא גאנצע וועלט ענטגעגען, אונ איהר, זיטצט אין דעם גרוססען יודענקערקער, וואס הייססט רומיניען אונ, מוססט יעדען אוגענבליקק אובער אייך הערען פייפען דיא פייטש פאן אייערע קערקערמייסטער.

אין אונזער ווירטהשאפט געהט, גאטט זייא דאנק! אללעס וויא אם בעסטען; מיר זענען יעטצט אללע בעשעפטיגט אראבצונעממען דיא וויינטרויבען, אונ מיר זענען יעמצט נאר בעזארגט: וואו זאללען מיר אזוא פיעל וויינטרויבען אהינטהון; ווארום.

(קאלאניסטין ח״ב) אובוואהל

אובוואהל אונזערע געבוידע זענען גרוסס אונ ווייט , דיא קעללער גרוסס אונ גוט , ווערט אין זייא דאך ניט זיין פלאטץ פאר דיא האלפט טרויבען וואס זענען דא ; אונזער געשיקקטער מעכאניקער האט פערטיג דיא צייכנונג פאר א איינפאכע מאשין צום אויספרעסען דיא וויינטרויבען , אבער פאר דעם יאהר איז אונמעגליך געוועזען זיא צו מאכען ; אובערהויפט איז נאך ניט דא דיא איינריכטונג דערצו ; עס פאדערן ארום סוחרים וואס קויפען אויף וויינטרויבען , אונ פערשיקקען זייא נאך פראנקרייך , אונ מיין ברוך מיינט : אז מען ווערט מוזען דיא האלפט טרויבען פערקויפען .

טרויבען זענען היע דא צווייארלייא : אראבישע אונ פראנצאזישע ; ווער עס האט אבער איין מאל פערזוכט דיא פראנצאזישע וויינטרויבען , ווערט דיא אראבישע קיין מאל מעהר געמען אין דיא האנד ; רעדט איך נאר ניט איין אז איהר אין רומיניען אונ בעססאראביען , האט נאך ווענן געזעהען וויינטרויבען !

מיין גוטער מאנן , קאררעספאנדירט מיט איינעם אויס קאנסטאנטינאפאלל וועגען דיא אובריגע פרוכטע אונ , וויא עס שיינט : וועללען מיר אללע אובריגע פרוכטע שיקקען אהין , אונ מיר וועללען זייא גוט פערקויפען .

דיא פאריגע וואך האבען מיר , איך , מיין מאנן אונ אונזער קאלאניסט , בעזוכט צווייא יודישע קאלאניען ; וואס מיר האבען דארט געפונען , ווערט אייך מיין מאנן דייטליך שרייבען .

דיא עטליכע יודישע פאמיליען וואס איהר האט צעהער געשיקקט , האבען נאך צו טהון מיט דיא איינריכטונג ; נאטירליך : אז אונזער קאלאניסט איז אומעדום , העלפט אומעדום אונ איז פאר יעדען וויא א טרייער פאטער ; ער איז מיט דיא ארעמע מענשען זעהר צופריעדען אונ זאגט : אז עס ווערט פון זייא ארויסקוממען גוטע ארבייטער .

זארגט דאך דערפאר , גוטע עלטערן , אז איך זאלל אייך שון ניט דארפען צו שרייבען , אז איהר זאלט באלד אהע קוממען צו אונז , דען נאר איהר פעלט אונז אז מיר זאללען אין גאנצען גליקליך זיין .

איך בין מיט מיין גאנצע זעעלע , מיט מיין גאנץ לעבען אייער טאכטער .

רחל .

ארץ ישראל , קאלאניע „אהבת אחים" (ברודערליעבע) ר"ח אלול , תרמ . . .

P. S. פאן מרים בריעף זעה איך : אז זיא איז זעהר אונגליקליך ; עס וואס זעהר גוט געוועזען , אז איהר זאללט נאך איהר שיקקען , אונ זיא אביסעל טרעסטען , בערוהיגען .

ברוך צו ר' מרדכי'ן .

פערעהרטע עלטערן !

איך בין אין ארץ ישראל אונ עראיננערע מיך אפט אן אייראפא ; ארץ ישראל

(קאלאניסטין ח"ב) אונ

און איראפא! וועלכער שרעקליכער אונטערשיעד! אין איראפא האב איך געמוזט זארגען אלט — אדער אלטקלוג — צו ווערען; צום ביישפיעל: איך אלס דאקטאר האב מיך נאר בעשטרעבט קלוגער, געשיקטער צו זיין וויא דיא אנדערע, אדער אז איך זאלל א מאל אויספאהרען אין א פאר שאנערע שיממעל וויא דיא אנדערע אום אז דאס פאלק זאלל מיינען: אז איך בין א בעססערער דאקטאר וויא דיא אנדערע, אום — אז איך זאלל מעהר פראקסים האבען וויא דיא אנדערע, אונ אום... אז מען זאלל מיר בעססער בעצאהלען פאר א וויזיט וויא מען אנדערע דאקטורים בעצאהלט; אזוא איז דאס מיט יעדער קונסט, מיט יעדער פראפעסיאן, ווייל: אויף איראפא ליעגט א פלוך (קללה) וואס מאן נעננט דאס „מארע" „לוקסוס", וואס זייא אליין האבען זיך געשאפפען; אין ארץ ישראל אבער בלייבט מען עוויג יונג, וועניגסטענס בלייבט דער פערשטאנד יונג ביז אים האכסטען אלטער, ווייל: מיר האבען היע קיין מארע אונ קיין לוקסוס אונ איך פערשטעה יעצט דען זינן פאן אדם מיט חוה; אזוא לאנג וויא זייא האבען ניט געקוקט ווייטער וויא מען דארף, זענען זייא געוועזען אין גן עדן, אונ האבען גלוקליך געלעבט פון דיא פרוכטע וואס זייא האבען דארט געהאט, קוים האבען זייא געאפפענט דיא אויגען אונ האבען אנגעהויבען צו קוקען ווייט, זייער אנצוג איז זייא ניט געפאללען, זייא האבען זיך געהארפט פראק אונ האנדשוה, נאטירליך: אז זייא האבען זייער גן עדן פערלארען אונ זייא האבען געמוזט מיט וויעדעם שווייסס זייער ברוט פערדיענען; אונ מרויעט מיר געליעבטע עלטערן! אז איך האב א מאל פאר מיטטאג געגעססען איינינע ווייןטרויבען, (פיעלייכט צעהן שטיקק) האב איך שון ביים מיטטאג דאס מינדעסטע ניט געקעננט עססען; עס פערשטעהט זיך אז עס האט מיין רחלה זעהער געקראנקט.

דיא פאריגע וואך האבין מיר, איך, רחלה אונ אונזער קאלאניסט, בעזוכט צווייא יודישע קאלאניען, „ראשון לציון" אונ „פתח תקוה"; איהר לאגע איז פורכטערליך; זייא האבען אויך צו ווייט געקוקט אונ האבען אנגעהויבען ניט נאך זייערע קרעפטען; אבער, עס איז דא האפפנונג אז עס וועט זייא בעססער ווערען, עס האט זיך איין עדעלער מאנן אויס פאריז געפונדען, וואס וויל זייא שטיצען.

איהר, ליעבער פאטער, האט אונז געזאגט: אז איהר פורכטעט צווייא פיינדע, וואס וועלען געפאהרליך זיין פאר דיא יודישע קאלאניזאציע היע; ליידער! מיר האבען נאך א דריטטען פיינד, אונ א שרעקליך-געפאהרליכען, אין ירושלים; מיר זענען תשעה באב געוועזען אין ירושלים אונ איך האב מיך איבערצייגט, אז דיא „צדיקים" דארט (אונ דארט זענען אללע צדיקים!) זענען דיא ביטטערסטע פיינד פאן ישוב א"י; איז דאס ווייל זייא האבען מורא אז עס וועט זייא שאדען צו זייער פינקטעריז חלוקה, אדער דרוקקט זייא עפעס אנדערש? ווייס איך ניט; מיר שיינט: אז זייא האבען מורא: מען זאל ניט געוואר ווערען דען סוד פאן דיא חלוקה אונ פאר דעם ביטטערן פיינד ציטטער איך, ווארום זייא וועללען אנווענדען אללע

הימעל ,אונזער היילינע זאכע צו שאדען ; אונ לידער ! מיטען נאך פיעל איין אייראפא ; אז אין ירושלים זענען באמת לויטער צדיקים.

איך וועל באלד בעזוכען דיא איבעריגע יודישע קאלאניען , און וואס איך וועל זעהען , וואס דער עדעלע פראטעקטאר וועט פאר זייא טהון , וועל איך אייך באלד שרייבען.

אונזער מעכאניקער ; איז פערטיג מיט דיא צייכנונג צו א מאשין וואס זאלל דיא וויינטרויבען טרעטען ; אזוא א מאשין איז היע אויסערארדענטליך נאטהיג ; אהן דיא מאשין, מוזען דיא העלפט טרויבען פערפאללען ווערען וויל מען האט זייא ניט ווא אהין צו טהון ; דיא מאשין וועט זיך לייכט לאזען אויפשטעללען אונ פאן אייננאנדער נעמען, אונ מען וועט זיא קאננען איבערטראגען צו יעדעם קאלאניסט, ווען ער וועט זיא ברויכען.

וויא עס שיינט : וועלל איך אללע איבריגע פרוכטע פערשיפפען נאך קאנסטאנטינאפאלל , איך ווארט נאר נאך דען לעטצטען בריעף.

עס געהט ב"ה בייא אונז אללעם זעהר גוט צו , אבער וואס העלפט דאס אללעס, ווען איהר , ליעבע עלטערן זענט נאך דארט , אין גרויסען געפאנגניס ? קאממט דאך באלד אונ מאכט פאללקאממען גליקליך , אייער געהארזאמען אייבאם

ברוך.

ארץ ישראל , קאלאניע אהבת אחים , תרמ... ר"ח אלול.

P. S. עס וועהרע גוט איהר זאללט אונז באלד ארויסשיקקען א ספר תורה , אז מיר זאללען עס נאך אויף ראש השנה היע האבען , אויך א שופר , שיקקט אונז , וויל איך ווייס ניט ווא דאס צו קופען אונ איך בין געשטעהן : אז איך בין אויף א זאלכע זאכען קיין מבין.

## רחלה צו מרים.

ליעבע מרים ! איך האב דיר יעצט ניט געקאננט אזוא באלד ענטווערן , וויל איך בין זעהר בעשעפטיגט געוועזען דיא וואהנונג איינצוריכטען פאר מיין ליעבע עלטערן , דענן אין איהר לעטצטען בריעף האבען זייא אונז געשריעבען אז זייא זענען שון פערטיג אהער צו פאהרען אונ ווארטען נאר נאך אויף א פאסס וואס זיא האפפען באלד צו קריעגען , וויל דער ״פראצעס״ מוז דאך שון באלד נעמען א סוף ; גאטט זאלל עס געבען ! אונ דוא , ליעבע מרים , ענטשולדיגע.

דוא הערסט ניט אויף מיך צו פרעגען : וואס דוא זאללסט טהון ? ארמעס מאדכען ! וואס זאלל , וואס קאנן איך דיר ראטהען ? קאנן איך דיר ראטהען אז דוא זאללסט לעבען אהן הערץ אדער מיט א צעררייססען , צעבראכען הערץ ? איך בין א פרויענצימער אונ פערשטעה עס גענויא ! זאג מיר , וויא ווילסט דוא לעבען אהן אלבערט ווענן דוא האסט איהם מיט דיין גאנץ לעבען , מיט דיין גאנצע ועלע

ווייס איך דאך: אז יעדעס פרויעקציממער, ווארפט זיך גערן בלינד דעם מאנן אין דיא ארעמס וואס זיא גיבט זיך איין פאר אללע מאל אובער אונ, פוהלט זיך גלוקקליך מיט דעם וואס זיא לעגט אין זיינע האנד איהר פרייהייט, איהר געדאנקען, איהר גאנץ לעבען, אונ, וויא זאלל איך דיר זאגען „לאז אב פאן אלבערט״ ווענן דאס ליעגט שון ניט אין דיין מאכט? ווענן דוא ביסט שון זיינע שקלאפין נאך פרוהער וויא דוא געהערסט איהם? עס קאנן אבער זעהר גוט זיין: אז מיט דער צייט וועסט דוא דאך אין איהם געפינגען דיין גאנץ לעבען; דיין ליעבע צו איהם וועט דיין ווייבעס הערץ אזוא הארט מאכען, אזוא בעפאנצערן אז אללע קוגעל וואס וועללען דיך טרעפפען פאן זיין רעספעקטישען האראקטער, פאז זיין איינגענדונקעל, וועללען אפקוליטשען, אז דוא וועסט זייא גאר ניט פוהלען; איך קאנן דיר אבער אויך ניט זאגען „האלט דיך פעסט אן אלבערט״ וויל ביא מאנכע ווייבע האראקטערע איז דיא ליעבע נאר א רויש, אונ קוים איז דער רויש פארביא, קוממט – וויא דער דייטש נענט דאס – דער „קאטצעניאממער״ אללע גליעדער טהון וועה אונ, מאן ווייס זיך קיין ארט צו געפינגען; אדער וויא שיללער זאגט: „דער וואהן (משוגעת) איז קורץ אונד דיא רייע (חרטה) לאנג״, דאס הייסט: דאס משוגעת דויערט ניט לאנג אבער דיא חרטה, דאס אויסנוכטערן, דער קאטצעניאממער דויערט לאנג, אייביג.

ניין ליעבע מרים! איך קענן דיר דערביא גאר ניט זאגען, ניט ראטהען אונ ניט העלפען; דיר מוז דיין איינען הערץ זאגען וואס דוא האסט צו טהון, אוב דיין הערץ געהאר דיר נאך אויף אזואפיעל אן, אוב עס איז ניט שון אין גאנצען וויא א גוטיבאללען ביא אלבערט אין דיא האנד.

איינס קאננסט דוא זיכער זיין: אז עס וועט דיך עוויג ליעבען, טרייע אונ עהרליך ליעבען, דיין

רחל.

ארץ ישראל, אהבת אחים, חשון, תרס...

## ר׳ מרדכי צו זיינע קינדער.

מיינע טהייערע, ליעבע קינדער! איהר קעננט אייך ניט פארשטעללען וועלכע פריידע עס האט אונז געמאכט, אז מיר האבען אין אייער לעטצטען בריעף געלעזען, ויא שאן אונ פראכט איהר האט דארט, ביא זיך אין דער קאלאניע געבאוועגט ראש השנה אונ יו״כ – מכתמא האט איהר דאס סוכות אונ שמיני עצרת אויך געטהון, אונ איך האפף אז איהר וועט דאס אללע שבת טהון –

איהר שרייבט: אז אונזער ר׳ בנימין, דער קאלאניסט איז אזוא איין אויסגעצייכענטער בעל תפלה! וויא דאנקען אונ לובען מיר גאטט פאר דעם וואס ער האט אונז צוגעשיקט אזאלכע טהייערע מענשען! אונ אזוא א טהייערע פאמיליע האבען דיא רומיניער בויערן פערטריעבען! אונ אזאלכע טויזענדע פאמיליען פערטרייבט רומיניען! דיא אונגענקראנקע בלענדט דאס ליבט!

(קאלאניסטען ח״ב)

איך

איך האב אייך געשריבען: אז איך בין היע — געלויבט איז גאטט! — מיט מיינע געשעפטען פערטיג אונ האף באלד צו אייך צו קומען; עס שמערצט מיך אבער שרעקליך וואס איך מוז אייך היינט זאגען: אז עס איז נאך זעהר אונ־בעשטימט ווען מיר וועללען קעננען פאהרען, וויל: דער „פראצעס“, ד״א רעכטע „אונטערזוכונג“ האט זיך נאך ניט אנגעהויבען; אבער, געוואלט! וואס איז דא צו אונטערזוכען? לייגענט דענן דער יוד אז מען האט איהם געשלאגען? לייגענט ער דענן אז ער האט אין וואגאן געראוועט? אונ לייגענט דענן דער אבערקאנ־דוקטאר אז ער האט דענן יוד פורכטערליך געשלאגען? היינט וואס וויל מען דענן פאן מיר מיט נאך עטליכע יודען האבען וואס דער ה׳ אבערקאנדוקטאר האט אונז גאר ניט געשלאגען? דאס אללעס שטעהט דאך שווארץ אויף ווייס אין פראטאקאלל ביי דעם הערן אפעציר פאן וואקסאל! אונ דאך וועט זיין א נייע אונטערזוכונג! אונ דאך וועט דארובער זיין א געריכט! אונ איך קען נאך ניט וויססען ווענן איך וועלל דען פראצעס לוז ווערען מיט רוסיגען צוזאמען אז איך זאלל קעננען מיך איילין צו אייך.

וואס דוא, מיין ליעבער ברוך, שרייבסט מיר פאן ירושלים איז צו פרוהיג אונ עס איז פונקט וויא מיט דיא היעגע רבנים; אבער אום גאטטעס וויללען, דיא צדיקים דארט, וואללטען דאך געדארפט דאנקען גאטט אז עס קומען אהין יודען וואס, ניט בלוזס זייא וועללען ניט נעממען פאן דעם בלוטיגען געלד, פאן דיא חלוקה, נאר זייא וועללען נאך אן זייא האבען מנשען וואס וועללען זייא געבען, דיא וואס וועללען שווער ארבייטען אויף דעם שטיקעל ברויט וועללען זיך מיט דעם שטיקעל ברויט מהיילען מיט דיא לעדיגגעהערס; ווענן דאך דאס דיא אייגענע ארעמעלייט וואס האבען אללע מאל אוועקגעגעבען דען לעטצטען פראנק פאר דיא לעדיגגעהערס אין ארץ ישראל! אבער דארט איז גאר איין אנדער אונגלוקק, וויא מיט דיא היעגע רבנים; דארט, האבען דיא עטליכע, וואס ווערען פעטט פון דיא חלוקה, מורא, אז דיא אוברינגע טויזענדע, בלאססע מאגערע פערהונגערטע ארעמעלייט, וועללען אליין אנהויבען צו געהן צו דיא קאלאניסטען אונ זייא. דיא עטליכע, וועללען דערביי ניט קעננען געברויכען זייערע כוחות זייערע שווארצע קונסטען, אונ דוא, ליעבער ברוך, האסט רעכט, אז עס קענן פאר דיא קאלאניען זעהר געפאהרליך ווערען; אבער עס קענן, מיט דיא צייט דיא צדיקים אין ירושלים זעהר מהייער קאסטען; עס קענן קומען א צייט, אז דיא יודען אין איראפא זאללען זיך אנהויבען ארויסצוקוקען. אונ דאמאלס!! אונ דאמאלס.....!!!

זעהר ערפרעהליך איז דאס וואס דוא, מיין ליעבער ברוך, שרייבסט מיר אז עס איז דא איין עדעלער מענש וואס וויל, דיא אונגלוקקליכע קאלאניסטען העלפען, אבער, איך מיין, אז מיר דארפען זיך הערמים ניט פרייען פאר דיא צייט; אפפען אונזער היילגע געשיכטע אונ דוא וועסט זעהען: אז יודען האבען

נאר געקענט העלפען דיא וואס זענען אליין געוועזען דערביא; משה אונ נחמיה זענען אומעדום אליין געוועזען, אומעדום זענען זייא געוועזען דיא ערשטע וואס האבען זייערע האנד צו געלעגט; אזוא איז דאס געוועזען מיט יהודא המכבי. אבער אז דער מאנן אין פאריס זאלל נאך אזוא עדעל זיין, אונ ווען ער זאלל עס מיט אונזער היילינגע זאך נאך אזוא עהרליך מיינען, וועט ער אליין אין ארץ ישראל ניט זיטצען, ער וועט אראבשיקקען זיינע מענשען, זיינע נאמנים, אונ ווער קאנן וויססען אוב דיא נאמנים וועלען ניט זיין וויא געוואהנליך אללע נאמנים זענען! ווער קענן וויססען אוב דיא נאמנים, וועללען אונזער זאך אזוא טרייע זיין וויא אזוא א זאך פערלאנגט? ווער קענן דאס אים פאראוים וויססען אוב דא וועט זיך ניט אנהובען דיא אלטע געשיכטע פאן תנופה, שקר, פאקטערייא, מסירות אונ אזוא ווייטער א., אז., וו.? איך ציטטער, אז עס זאלל ניט ארויסקומען אז דער דאקטאר וועט ווערען דער טודטענגראבער ביים קראנקען; אז דורך דעם וואס דער עדעלע מענש וויל אונזער היילינגע זאך העלפען, קענן זיא חלילה אין גאנצען בעגראבען ווערען, אונ וואס וועלען מיר דאמאלס טהון? אבער דאך, וויל איך גערען האפפען אז אזוא א גרויסער עדעלער מאנן, וואס נעממט זיך אן אזוא א זאך צו העלפען, וועט געוויס וויססען, וויא היילינג דיא זאך איז אונ ער וועט געוויסס דערפאר זארגען אז ער זאלל דאס היילינגטהום געבען אין האנד פון מאננער וואס וועללען פערשטעהן וויא עס היילינג צו האלטען.

דעם מענשענס לעבען איז רעכט וויא א פייעבער: פאן קאלט אין היטץ, אבער ביידע שמערצען, ביידע זענען א קראנקהייט; וואס איז גלוקק, וואס איז פרייד? יעדע פרייד האט זיין לייד, יעדעס גלוקק האט זיינע טהרערען אונ בין איך שון אזוא גלוקקליך האלב צו זיין אין ארץ ישראל, האלט מען מיך פעסט אין רומיניען! אבער, קינדער, האבען דען ניט אונזערע עלטערן געמוזט זיין פיערציג יאהר אין דיא מדבר ביז זייא זענען געקוממען נאך ארץ ישראל? אונ פיערציג יאהר קענן מיין "פראצעס" ניט דויערן! איך וועלל אללעס אנווענדען באלד לוז צו ווערען פון רומיניען, צו איילען צו אייך, נאך ארץ ישראל.

קינדער! לעבט גלוקקליך. זייט געזונד אונ שטארק, דיא ליעבע מוטטער גרוססט אייך זעהר הערצליך

אייער טרייער פאטער מרדכי

מיר גרוססען ר' בנימין מיט זיין ווייב אונ קינדער אונ מיר דאנקען זייא וואס זייא זענען אייך אזוא טרייע

דען יונגען מעבאנקער מיט זיין שוועסטער גרוססען מיר, אונ מיר פרייען זיך זעהר דאנקען גאטט, פאר דעם וואס ער שיקקט אונז צו אזאלכע געשיקקטע עהרליכע געגענען, זייא קעננען זיכער זיין אז איך וועלל זייא זיין א פאטער.

נ' וכסט אונזער רבקה. . . . . חשון תרמ. . . .

(קא: אניסטין ח"ב) גושע

## מרים צו רחל

גוטע, גלוקליכע רחלה! דוא מוזט וירקליך שון אויסערארדענטליך גלוקליך זיין; איך ווע דאס אן דיין שרייבען, אן דיין טאן; דוא ווילסט שון ניט פוהלען דען צווייטענס ליידען, וויל דוא ביזט זעהר גלוקליך; דוא שרייבסט מיר: אז דוא קענסט מיר ניט ראטהען, אבער איז דאס איין אנטוואָרט? (אזוא פראגט. שיינט מיר, היינע) מיין הערץ איז קראנק. מיינע וועלע צעררייססען, מיינע גע־דאנקען רוישען ווי א שטורמווינד. באלד שליידערן זיא מיך הויך, אובער דיא וואלקען אונ באלד אין דען טיעפען אבגרונד; איך וואהל דיך צום ראקטאר אז דוא זאללסט מיין קראנקע וועלע היילען. איך נעמם דיך צום שיפסקאפיטאין אז דוא זאללסט מיך, אים געפאהרליכען אוגענבליקק, מיט שטארקער, זיכערער האנד פוהרען אובער דעם גרוססען מעער (ים) צום זיכערן האפען. אונ דוא, בערוישט פאן גלוקק, אובערלאזט מיך דעם צופאלל, איינערערלייא אוב איך וועלל אונטערגעהן, אדער שטערבען פאר לויטער שרעקק!

טהייערע רחלה! איך האב שרעקקליך צו קאמפפען אונ בין אזוא שוואך! איך האב מורא: אז דיא ליעבע איז שטארקער ווי איך; אך! פאר וואס איז מיר אלבערט אזוא ליעב?

אבער, האסט דוא דען ניט אויך געליעבט דיין בערנהארד, געליעבט מיט אללע קראפטען פאן דיין ריינע וועלע? אונ דאך ביזט דוא אזוא שטארק געוועזען אונ האסט געוואלט זיך אבזאגען פאן אזוא א ריינע, נאטירליכע ליעבע, צו ליעב דיא גרוססע אידעע, צוליעב ארץ ישראל! אונ פאר וואס זאלל איך ניט אויך אזוא שטארק זיין? בין איך דען ווירקליך אזוא שוואך?

רחלה! דוא מוזט מיר ראטהען! דוא מוזט מיך שטארקען! דוא מוזט מיר מוטה געבען! אדער . . . .

מיין ארמער פאטער ליידעט פורכטערליך, ער ליעגט שון מעהר ווי דרייא וואכען צו בעטט, דיא ארצטע האלטען זיין קראנקהייט פאר זעהר געפאהרליך וואס זאלל אויס מיר ווערען?

דיין גוטער פאטער האט אונז נעכטען בעזוכט, מיין פאטער האט געוואללט אליין בלייבען מיט איהם; מעהר וויא צוועדרטהאלב שעה זענען זייא געזעססע אליין, בייא פערשלאססענע טהורען; וואס קענן דאס זיין? וואס פאר א געהיימניסס קעננען זייא צווישען זיך האבען וואס איך דארף ניט וויססען?

נאכדעם וויא דיין געעהרטער פאטער איז אוועקקגעגאנגען, בין איך אריינ־געגאנגען אין קראנקענצימער, מיין פאטער איז זעהר וואך געוועזען; ער האט מיר געווינקען אז איך זאלל מיך זעטצען נעבען זיין בעט אונ ער האט גענומען מיין האנד אין זיינע ביידע קאלטע, אבגעמאגערטע הענד: לאנג האט ער זיא אזוא

(קאלאניסטין ח״ב)

געהאלטען אונ האט קיין ווארט גערעדט, עטליכע מאל האט ער מיך אנגעקוקט מיט א זעהר טיעפען בליקק, גלייך וויא ער וואלט מיר געוואללט קוקקען אין הארץ אריין; איך האב געזעהען אז ער וויל מיר עפעס זאגען, אבער ער האט געשוויגען; מיט א מאל האט ער מיר געזאגט מיט א שוואכע שטימם, פאלל מיט־לייד; „מרים! איך האב, זייט דוא ביסט געבארען געווארען געארבייט נאר פאר דיר, איך האב דיר פיעל געזאממעלט אונ וואלט רוהיג אונ צופריעדען געשטארבען ווען איך וואללט געוואוסט: אז איך האב דיך פערזארגט; וויל אין מיין גאנץ פערמעגען, איז קיין אונערהערליכער פראנק פארהאנדען; אבער, לייֶדער! איך האב דיך שלעכט פערזארגט; איך זעה: אז דוא ווערסט נאטהיג האבען א שטארקע האנד וואס זאלל דיך שוטצען, אונ איך קענן ניט רוהיג שטערבען; מרים, מיין איינציג קינד, זייא שטארק!"

איך האב שטארק אנגעהובען צו וויינען וועה מיר! דוא ביזט צו שוואך, געה מיין קינד! לאז מיך אליין מיט מיינע שמערצען האט ער ווידער געזאגט.

איך בין געגאנגען אז איך זאלל איהם, מיט מיינע טהרענען ניט נאך מעהר שמערצען מאכען

מרים! איז דאס געהיימניס וואס אונזערע גוטע עלטערן האבען צוויא שווערע דארובער גערעדט? אפשר וועט דיר דיין פאטער וואס דערפון שרייבען, זעה, גוטע מרים, זאג מיר באלד וואס, זאג מיר אללעס, זאג מיר העניגסטענס: אוב איך מוז ניט אלבערטען אבזאגען צוליעב דעם גוטען פאטער; ווער ווייסס, עס קאנן מעגליך זיין אז, ווענן איך וועלל דען קראנקען פאטער בעפרייען פאן אזוא א לאסט וואס דרוקקט איהם אזוא, וועט איהם פיעללייכט לייכטער ווערען; וועלל איך אבער קאננען מיין צערטיססען הערץ בעהאלטען פאר דעם שארפען פאמערליכען אונ? וועט איהם, ווענן ער וועט זעהען וויא איך לייד צוליעב איהם, זיין קראנק הערץ ניט ברעכען? שרייב מיר באלד מיין טהייערע רחלה, דו ביסט שטארקער, דוא ביסט קלוגער אונ איבערלעגטער וויא איך, ראטה מיר, לערן מיך וואס איך זאלל אין אזוא א שרעקקליכע לאגע טהון: דוא מוזט וויססען אז, אוב דוא וועסט מיר ניט העלפען, בין איך פערלארען.

דוא האסט מיר אין דיין לעטצטען בריעף נאר ניכט געשריעבען פאן עס היילינען לאנד, ווילסט דוא מיר דענן מיין לעטצטען טראסט רובען?.

פרעסטע דאך באלד דיין אונגליקקליכע — מרים

. . . אקטאבער . . . 188

## ברוך צו ר' מרדכי'ן.

טהייערע עלטערן! איך קענן אייך ניט גענוג זאגען וועלכע שמערצען מיר האבען אללע היע געהאט פאן דעם וואס איהר האט, אונז אין אייער לעטצטען

בריעף, וויעדער צעשלאגען דיא האפפנונג! איך באלד היט צו האבען; איהר דאס דערמיט צעשלאגען אונזער גלוקק אונ האט אגרוסע וואונד געשלאגען דיא היילינע גרוססע זאך; ווארום מיר האבען איך היע נאטהיג, וויא איהר וועט פאן מיין בריעף זעהען.

„דער בארג איז מעוברת געוואָרען אונ ווען עס איז געקוממען צום געלעגענ־הייטען איז ארויסגעשפרונגען א מויז“ — זאגט איין אלט גריעכיש שפריכווארט; עס איז דא אויך אזוא געוועזען, איך האב איך געשריעבען אין מיין פאריגען בריעף: אז איך האב מורא פאר א גרוסס אומגלוקק, אונ, לייַדער, עס איז געקוממען: דער גראדינע, עדעלע מאנן אין פאריז, האט געטהון דאס זייניגע מעהר וויא מען האט געהאפפט; ער וויל: אז דיא קאלאניען זאללען בלוהען, אז דיא קאלאניסטען זאללען גלוקקליך זיין, ער וויל אויך וויא יענער עדעלע פראנצאיישע קאניג האט געוואלט: אז יעדער פאן זיינע אונטערטהאנע, זאלל יערען זאננטאג האבען אהוהן אין טאפ; ער האט זיך אויסגעערדט צוויי זאכען, 1, אז זיין נאמען זאלל ניט געגענט ווערען ביי דער זאך, אז מען זאלל אין דער וועלט ניט וויססען אז ער האט זיך גע־נוממען צו דער היילינע זאך אונ, 2, אז ער מוז זיין דער גאנצער בעל הבית אובער דיא קאלאניען; ביידע בעדינגונג זענען, נאך מיין מיינונג, זעהר גערעכט; מיט דעם ערסטען, האט ער דיא אידעע, געוואלט זוכען פון אויסכען צו זיכערן, ער האט דיא וועלט ניט געוואלט אויפרייססען דיא אוגען, אונ מיט דעם צווייטען — האט ער דיא אידעע געוואללט שוטצען פון אינוועניג, פאר דיא קאלאניסטען אליין: וואס העלפען אבער דיא גראססע. דיא פעסטעסטע געבויידען ווענן ראהע האנד ווארפען זייא אום? אונ ביי אונזער גרוסס געביידע ארבייטען אויך ראהע האנד געוואנג עס אומצווווערפען; דיא איינע זענען מאדערניש געוואג מיט קאלטע בערעכנונג אללעס אום צו שטוסען, אונ דיא אנדערע, מיינען ניט דאס „אומשטוסען“ אבער זייא זענען אזוא גראב אזוא אונגעשיקקט, אז צו וואס זייא רוהרען ניך צו, מוזן זייא נור שאדען.

איך וויל אנהובען פון פארן: דער עדעלע מאנן, וואס וויל אונ קאנן אונזער זאך העלפען, קאנן אין ארץ ישראל ניט וואוגען אונ, ער האט אניערערגעזעטצט אויף זיין שטעלל א דירעקטאר; אבער דער דירעקטאר איז, קודם כל דבר: דער ביטטערסטע פיינד פאן אונזער היילינע זאך, אז מען זאלל מאכען יידישע קאלאניען אין ארץ ישראל; איז ער דאך א פראנצאזישער זאלדאט, אונ אזוא וויא עס איז איהם ניט געראטהען יענעראל צו ווערען, וויל ער זיין גאנץ מיליטאירישעס טאלענט בעווייזען אין דיא אומגלוקקליכע קאלאניען, אונ ער האט באלד געוויזען זיין גרוססע קונסט אין טאקטיק; ער האט אנגעהובען צו רוקקען זיין מיליטאיר. דיא קאלאניסטען, באלד אהין אונ באלד אהער, באלד האט ער איינקוואטיר זיין קאוואלעריע — דאס הייסט 2—3 פפערד — ביי דעם קאלאניסט אונ באלד האט

ער זייא אוועקגעפוהרט צו איין אנדערן; היינט האט ער אניעדערגעשטעלט זיין איינציגע קאנאן. — דאס הייסט אפלוג, צו דעם קאלאניסט אונ מארגען צו יענעם, אונ אויף אזוא איין אופן האב איך מורא: אז מיר האבען דיא מלחמה פערשפיעלט אונ דער ה׳ דירעקטאר האט אפשר רעכט אז ער זאגט מיט א שמייכעל אויף דיא ליפפען וועגען דיא אונגלוקקליכע קאלאניסטען „דיא נארען וועללען שטארבען פאר הונגער״.

לאזען מיר יעטצט זעהען וויא ניט קלוג אונ ניט דאנקבאר עס האבען זיך אויפגעפוהרט אונזערע קאלאניסטען אונ מיט זייא דיא וועלטפויקער – דיא לייכטזיניגע רעדאקטארע פאר אונזער זאך; אין דעם רוססישען זשורנאל, „פאלאסטינא״ 1885 זאגט דער עהרליכער מנשה בן צבי: אז דער עדעלע מאנן אין פאריז פערלאנגט: אז מען זאלל ניט וויססען אז ער העלפט דאס דיא קאלאניען (ערסטער בריעף אויס פאלאסטינא זייטע 6); אין דעם פיערטען בריעף אויס ירושלים, שרייבט דער לייכט־זינניגע ב . . . , אונ זאגט אויס (זייטע 79) ווער דער עדעלע מאנן איז, אונ דער נאך לייכטזינניגערע רעדאקטאר האט דאס אפפענטליך געדרוקקט, אונ וואס טהון דיא קאלאניסטען אליין? איך מיין; דיא עדעלע קאלאניסטען וואס האבען דיא וועלט דיא אורען האלב טוב געשריעגען: אז זייא מאכען דאס יודענטהום גלוקקליך מיט דעם וואס זייא ווארפען אוועקק אייראפא, דיא אוניווערזיטאט, טהעאטער, טאנץ, פראק אונ האנדשוה אונ געהען נאך ארץ ישראל; דיא אייגענע פאלקגלוקקליכמאכער וואס יודען האבען אנפאנגס געקוקקט אויף זייא מיט רעספעקט (דרך ארץ), מאנכע האבען זייא געהאלטען פאר א מין נחמיה, (אונ אנדערע האבען זייא געהאלטען פראסט פאר משוגע). יעטצט, האנדעלן זייא ניט וויא נחמיה (להבדיל) אונ ניט וויא משוגעים; זייא ווייזען אז זייא האבען גאר ניט געמיינט דיא הגדה נאר דיא ארבע כוסות – זייא האנדעלן וויא דיא שולבובען ווענן מען לאזט זייא ארויס פון דיא שולדיסציפלין; זייא ווערען אזוא ווילד אז עס איז מיט זייא ניט אויסצוהאלטען; אונ מיט דיא עטליכע קאלאניסטען איז אויך ניט אויסצוהאלטען; געוויסס איז דאס א שרעקקליכע קראנקהייט, ווענן ערוואקסענע, פערנונפטיגע מענשען זאללען זיך מוזען לאזען בינדען האנד אונ פוס, זאללען אוועקגעבען דאס טהייערסטע – דיא פריי־הייט, פאר א שטיקקעל ברוט, פאר א קאלאניע; דאס איז זעהר ריכטיג ווענן א מענש זוכט נאר פאר זיך, אבער דא האנדעלט זיך דאך פאר איין אידעע, צו העלפען א פאלק פאן א נוטה! זייא האבען זיך דאך אונטערגענוממען צו זיין זאלדאטען, דיא מלחמה אובער דער אידעע, צו געווינגען, דיא וועלט צו ווייזען: אז יודען טוגען אויך צו ערדארבייט, עס איז אבער געוויסס א שלעכטער זאלדאט, וואס וויל אז מען זאלל איהם אללעס נאכגעבען וואס ער וויל; וועלכער זאלדאט וועט ניט וועללען אז מען זאלל איהם געבען געבראטענע אינדיקעס, מיט א וויין בעטט מיט פוכ־בעטטען אונ נאך אונ נאך? וועלכען זאלדאט איז ליעב ווענן זיין קאפראל איז

דארט אונ קאפרים? אבער דער גוטער זאלדאט מוז פאלגען, מוז אויסהאלטען, ווייל מען דארף די מלחמה געווינגען! וויא לאבערליך, וויא שאנדליך דאס איז אז דער איינגענער ב.·.; . קלאגט זיך אין דעמזעלבען בריעף (זייטע 78): אז שבת אבענד נעמען זייא זיך אפט צוזאממען ביי א קאלאניסט, וואו עס איז נאר דא דיא איין איינציגע פארטעפיאנא אין גאנץ ראשון לציון (געוואלט יודען, ראטעוועט!!!); נאר, ווייל מען מוז זאנטאג פרוה אויפשטעהן צו דער ארבייט, קאננען זייא זיך (געבעך) ניט לאנג פערווייילען; בעווייזט ניט דאס, אז דאס זענען ווייבע מענשען וואס ליעבען פערגנוגען אונ בעקוועמליכקייט? אונ עס איז זעהר שווער צו גלויבען אז זייא וועללען קאננען אויסקומטען מיט דעם שלעכטען קארפאראל; אבער, אום גאטטעס ווילען! מייטען דענן אונזערע ברודער, דיא קאלאניסטען, אז מען וועט פון דיא קאלאניזאציע מאכען א נייע מין חלוקה? אז מען זאל אנהובען צוזאממען צו רעכנען דיא געלדער וואס זענען שון געגאנגען אויף דיא אונגלוקליכע קאלאניען, דאכט זיך: אז מען וואלט פאר דעם געלד געקעננט קויפען א קליין פורסטענטהום אין דייטשלאנד, אונ דא, וויל דאס גאר קיין סוף נעממען! איך וויל גלויבען; אז פיעל געלד איז פערלארען געגאנגען, 1, ווייל מען האט ניט געהאט דאס געלד ווענן מען האט עס געדארפט, 2, זענען דערביי געוועזען אונפראקטישע אונ אונגע־שיקקטע הענד וואס האבען ניט געוואוסט וויא דאס געלד צו פערברויכען אונ מאכי, 3, ווייל עס זענען נאך דא צווישען דיא קאללאניסטען אזעלכע וואס דארפען נאטהיג א קלאוויר; אבער יעטצט, ווענן מען הייבט זייא אן צו געבען אללעס וואס זייא דארפען, אונ זייא האבען נאר נאטהיג עטליכע יאהר צו ליידען, ניט חלילה נוטה, נור צו ליידען פאן א קארפאראל, אונ דאס ווילען זייא אויך ניט! אונ דאס זאללען זיין אונזערע נחמיה"ם! דאס זאללען דאס זיין דיא פאלקסבעגלוקקער!

איהר זעהט, טהייערער פאטער, אז איהר זענט היע נאטהיג צוליעב דער הייליגע זאך; ווער ווייסס, אפשר; וועללען דיא אינטעליגענטע משוגעים זיינג געגנוג זיין אייך צו פאלגען; אפשר וועט זיך דער קארפאראל אליין פאר אייך א ביססעל שעניערען אונ וועט וועניגער שלעכט זיין, קורץ: איילט אייך אהערצו־קוממען אונזער זאך צו רעטטען,

אך! וויא גלוקקליך וועט דאמאלס זיין אייער טרייער איידאם ברוך

ארץ ישראל, קאלאניע „אהבת אחים" כסליו תרמ.·.

רחל צו מרים

מיינע אונגלוקקליכע פריינדין! איך בעאייל מיך אויף דיין בריעף צו ענט־ווערן, שון דארובער. ווייל איך האב געקריעגען א בריעף פאן מיין גוטען פאטער אין וועלכען ער רעדט וועגען דיר, דיין אונ דיין פאטערס לאגע.

דיין עהרליכער, גוטער פאטער איז מיט אלבערט דורכאוס ניט צופריעדען, ער

ער ציטטערט: אז דיר וועט פאר איהם ניט גוט זיין, ער ווייסס אבער אויך: אז דוא ליעבסט אלבערטן מיט דיין גאנץ לעבען, דארובער וויל ער אלבערטס מאכט איבער דיר, ברעכען; ער וויל מיין פאטער מאכען פאר דיין אפיעקון; פאר זיין גאנץ באארעם פערמאגען, וויל ער, אז מיין פאטער זאלל היע ערד קופען, אדער עפעס א פאבריק איינריכטען; קורץ: ער וויל דיך פערזארגען; דוא זעהסט, מיין גוטע מרים, אז איך קען דיר גאר ניט ראטהען! דאך מוז איך דיר זאגען; אז פאן אללעם וואס איז געשעהען צווישען אונזערע עלטערן, דארפסט דוא אלבערטן קיין ווארט זאגען; איך גלויב ניט אב אלבערט וועט שאהנען דיין פאטער, דען קראנקען מאנן, אונ געוויסס פערדיענט עס דיין קראנקער פאטער ניט אז מאן זאלל איהם זיין לעבען נאך מעהר ערביטטערן.

אבער; זאג מיר, מרים, פאר וואס זאללסט דוא דיר ניט קאנגען אליין העלפען? דוא מוזט נאר קענגען דיין לאגע, דוא מוזט וויסען: אז דער גאנצער שטורם ליעגט ביא דיר צווישען דיין זעעלע אונ דיין הערץ; דיין הערץ איז גע־בונדען אן דיין ליעבע, אן דיין אלבערט, דיין זעעלע אבער, וויא דוא אליין שרייבסט, ציעהט דיך מיט איזערנע געוואלט צו עדעלערע ציעלע, נוא, בערעכען דיך גענויא, זעה. וועלכעס ביא דיר שטארקער איז, דיין הערץ אדער דיינע זעעלע, אונ וועלכעס ביא דיר שטארקער איז דעם מוזט דוא פאלגען.

עס קאנן אבער זיין: אז דוא העננסט אויך צו שטארק אן אייער לעבען דארט; עס קאנן אויך זיין: אז דוא פערשטעהסט נאך ניט רעכט דאס לעבען היע; עס קאנן זעהר זיין: אז דוא וועסט א מאל דיא אוגען אפפענען, עס וועט אבער שון צו שפאט זיין, אונ דערביא וויל איך דיר גערן העלפען, איך וויל דיר דייטליך ער־קלארען: וויא איך האב דאס לעבען דארט פערשטאנגען אונ וויא איך לעב היע, אפשר, וועסט דוא ביא ציימען דיא אוגען אפפנען אונ זעהען, וואס דוא האסט אין איין אדער דעם צווייטען פאלל צו ערווארטען; נוא הער, איך וויל פאן מיין לעבען דארט אונ היע רעדען.

איך בין דיא רייכע עלטערנס איינציגע טאכטער, מיינע גוטע עלטערן האבען אללעם געטהון אום מיר מיין לעבען זיסס צו מאכען, אונ דאך, וואס בין איך דארט מעהר געוועזען וויא א שקלאפין?

א שקלאף איז דארובער שקלאף וויל ער „מוז" פאלגען וואס אנדערע ווילען, וויל ער האט קיין אייגענען ווילען, אונ איך. האב איך דען ביא אייך געהאט איין אייגענען ווילען? האב איך דען ניט אויך „געמוזט" טהון דאס וואס אנדערע האבען געוואלט, וואס דיא ליעבע מאדע האט געוואללט? נאך מעהר: האב איך ביא אייך ניט „געמוזט" יעדען טאג אויסהאלטען אללע קוואלען וואס א שפאנישע אינקוויזיציע האט געקעננט אויסטראכטען? האב איך ניט „געמוזט" טראגען יענע צוואנגסיאקע וואס מען רופט ביא אייך: קארסעט? האב איך ניט „געמוזט" טראגען

פינגערשרויבען אין דיא ענגע פאריזער האנדשוה? דען אייזענען שטיעפעל – אין דיא פאריזער ענגע שטיעפעלעך? האב איך ניט „געמוזט“ אויסהאלטען גאנצע שטונדען ביא דיא פריזור און טואלעטע, וויא א פערברעכער ביים פערהער (כליעדסטוויע)? מיט וואס, פרעג איך. בין איך דארט גליקליך געוועזען?.

אזוא האב איך מיך „געמוזט“ קוועלען א גאנצען טאג! יעדעס גליעד האט מיך געקלעמט און געקוועטשט, דיא הונגעראזגען האבען געברענט און, איך בין טאדטמוד געוועזען; ווא איז געוועזען מיין פערגניגן? אין וואס איז בעשטאנדען מיין גליק?.

עס איז געוואָרען אבענד, עס האבען זיך געמעלדט „געסט“; נייע קוואל, נייע מארטער! איך האב מיך „געמוזט“ אומקלייידען, איך האב „געמוזט“ שמייכלען, איך האב „געמוזט“ פריינדליך זיין מיט דיא וואס איך האב ניט געקאנט ליידען, איך האב „געמוזט“ שפיעלען און טאנצען; אבער, מיין גאטט! דער בעטטלער זינגט דאך אויך און טאנצט! ער איז אבער, נאך גליקליך געגוג צו זינגען און צו טאנצען ווען ער וויל, ווען עס ברענגט איהם נוצען. און איהם, ברענט ניט און שמערצט ניט, און איך אונגליקליכע אבער האב שיער געוויינט פאר שמערצען און האב „געמוזט“ לאכען, שפיעלען און טאנצען, צו ליעב אנדערע. און דאס הייסט ביי איך: גליק, פערגנוגען? פערזוסטע נאלל! שאן געפארבטעס גיפט.!

וויא האב איך אבער אובערהויפט געקאננט שפיעלען און טאנצען ווען איך האב געוואוסט: אז הערום מיר, זענען דא טויזענדע ארעמע ברודער און שוועסטער, וואס האבען אזוא גוט וויא איך דאס רעכט צו לעבען – ליידען הונגער? מיר האט געאובעלט פאן הונדערטערלייא גאשעריען און לעקקערביסען און טויזענדע אונגליקקליכע האט געפעהלט טרוקקען ברוט? איך בין, וויא דיא ווילדע אינדיאנער, ארומגעשפרונגען אין 8—9 ווארמע, בעקוועמע צימער און הערום מיר האבען טויזענדע קינדער געפראָרען וויל זייא האבען ניט געהאט מיט וואס צו בעדעקקען זייער צארטע גליעדער און דיא האבשוואנגערע ארמע פרויא האט ניט געהאט איין ארט ווא געלעגען צו ווערען?

און היע! וויא לעב איך היע? איך ארמע זעעלע! זאג אונזערע „גרוסטע דאמען“: לאזען זייא מיך בעוויינען! לאזען זייא האלטען א לייבענרעדע (הספד) אויף מיינע קארסעטס, מיזרניזדס און נאך אזאלכע ליעבע זאכען! טודט ליעגען זייא אללע אין מיכטקאסטען! לאזען זייא מיך בעדויערען, וואס איך האב היע קיין קאנדיטערייען און קיין צאהנשמערצען, קיין פאריזער ענגע שטיעפעלעך און קיין הונגעראזגען, קיין פריזור און קיין נארענהייזער!.

שמעלל דיר פאר א לעבען: איך שטעה אויף פרוה – וויל איך וויל דיא שאנע. פרישע מארגענלופט ניט פערשלאפען – טאנץ מיר ארום אין א בעקוועם קאטונגען קלייד און נאך בעקוועמערע שטעקשוה (פאנטאפעל) אין מיין עיגען

צארטען נעבען אונזער הויז; דיא לופט, וואס איז פולל מיט באלזאם וואס מיינע שאנע בלומען האבען ביא נאכט אויסגעהויכט, שטארקט מיינע נערווען אונ מיין מוטה; טויזענד הערדליכע פאגעל זינגען מיר איהרע זוססע מארגענליעדער. טויזענדע הערדליך־שאנע בלומען אונ ראזען לאכען מיר פריינדליך אקעגען אונ שויקעלען מיר מיט איהרע שאנע קאפפליך דען הערדליכסטען „גוט מארגען" צו. עס דאכט זיך מיר: אז זייא ערצאהלען מיר וואס עס האט זייא ביא נאכט געחלום'ט; אט, בעמערק איך: אז א שאנע רוז איז ביא נאכט געלעגע געוואָרען אונ קוקט מיט צארטליכע ליעבע אויף דיא נייאגעבארענע קנאספע וואס שטעקט אזוא ליעבליך, אזוא שעלמיש, ארויס איהר קליין קאפפיל פון דיא ווייכע, גרונע זאממעטבלאטטער; אזוא פלאטער איך ארום פון בעט צו בעט, פון שטרויך צו שטרויך וויא א זוממערפאגעלע, ביז איך ווער — איך שאם מיך אויסצוזאגען — הונגעריג וויא א וואלף (איך, דיא „גרוססע דאמע" אונ הונגריג! שאנדע!); געשווינד לויף איך אריין אין ווינגארטען דערנעבען, זוך אויף מיין ברוך, וואס שטעהט אין ווייסען, ליינוואנדענעם אנצוג, אין ברייטע שטראהוט מיט דיא גרוססע שעער אין דיא האנד אונ, גלייך וויא נאך 6—8 ארבייטער בעשנייערט דער דאקטאר דיא וויינבוימע (נאך א מאל שאנדע!); מיר געהען אהיים. עססען מיט גרוסס אפעטיט אונזער געזונד, נאהרהאפט פרוהשטיקק וואס דיא געשיקקטע רבקה האט אונז פארטיג געמאכט, אונ דערנאך, רייט איך מיט מיין מאנן אוים אין דיא ווייטע, שאנע פעלדער.

וועלכעס לעבען! וועלכע טהאטהיגקייט! אומעדום זעהסט דוא אונזערע ברודער — דיא פאר א יאהרינע געשעפטמאכער — זאען, אקקערן, פפלאנצען, גראבען אונ, זייא זענען יעמצט אזוא געשיקקט אונ פלייססיג צו דיא ארבייט, וויא פאר א יאהר צום שאכער; דער אונטערשיעד איז נאר: אז שטאטט וואס זייא האבען פאר א יאהר געקראכצט אונ געזופצט פאר נוטה אונ זארג, זינגען זייא היע, ביא דיא ארבייט, דיא שאנסטע זאכען פאן ראש השנה אונ יום כפור: שטאטט וואס זייא האבען פאר א יאהר געזוכט וואו צו פערזעטצען משכנות — אוב זייא האבען געהאט וואס צו פערזעטצען — זוכען זייא היינט ועם צו העלפען אונ, שטאטט וואס זייא האבען דארט געלעבט אונ געארבייט אום צו ליידען, ארבייטען זייא היע אום צו לעבען; ניט איין איינציג טרויריג געזיכט זעהט מען דא אין אונזער קאלאניע; אללע זענען לוסטיג אונ מונטער, אללע זענען געזונד אונ שטארק אונ מיין מאנן, האט אלס דאקטאר, גאטט לאב, גאר ניט וואס צו טהון, זייא דענן, ווענן מען לאזט איהם רופען צו א אראבער פאן דיא דארפער ארום אונז, אונ מיין ברוך האט זעהר רעכט ווענן ער זאגט: אז דיא היגע לופט איז דאקטאר אונ מעדיצין צוזאממען; נוא, זאג, גוטע מרים, בין איך ניט צו בעדויערן, ווענן איך לעב אין א געגענד וואו מען דארף ניט א מאל א דאקטאר?

אזוא רייטען מיר ארום עטליכע שעה אונ — א שאנדע! — כיר קריכען ויטער

הייסען אַפּעטיט; אָבער היע האָט מען זיך פֿאַר אַפּעטיט גאָר ניט וואָס צו שרעקקען. היע וואַקסען אומעדום פֿרישע וויינטרויבען, פֿייגען, אַפּפעלסינען, אַבּריקאָסען, מילגראָמען, מאַנדעלן, דאַטעלן, בּאָקסעל, גרוסע נוסס, אונ נאָך פֿיעלערלייא פֿרוכטע. וואָס מען זעהט זייא ניט פֿריש אין אייראָפּאַ, מען רייט צו אונ רייסט זיך אָב איינע אָדער צווייא פֿאָן אַזאָלכע פֿרוכטע, אונ ווענן מען עסט אַזאָלכע צווייא פֿרוכטע איז מען זאַטט אונ געשטאַרקט דען גאַנצען טאָג.

צוועלף עסט מען היע מיטטאָג, מיט אונז עססען דיא קאָלאָניסטענפֿאַמיליע וואָס דוא קעננסט, דער יונגע מעכאַניקער מיט זיין שוועסטער אונ רבקה, מיר עססען אַללע בייא איין טיש; ביז דרייא לעז איך אונ לערן וויעדער אונזער היילינגע שפּראַכע, העברעאיש, בייא אונזער מעכאַניקער; וועלכע געבילדעטע, גוטערצאָגענע יונגע מענשען זענען דער מעכאַניק מיט זיין שוועסטער!

געגען אַכט פֿאַר נאַכט (אין ארץ ישראל אַרבייט מען זוממער אין פֿעלד פֿון 4 ביז 7 פֿרוה אונ פֿון 4 ביז 7=8 פֿאַר נאַכט) הערט דיא אַרבייט, אים פֿעלד, אויף; דיא אַרבייטער קוממען אַהיים אונ דאָס לעבען הייבט זיך ערסט אָן; עס קוממען צו אונז צוזאַממען דיא נאַכבּאַרען (שכנים), מען פּלוידערט, ערצאָהלט זיך געשיכטען, אַנעקדאָטען, אונ בייא שאָנעם וועטטער טאַנצען דיא פֿרויען אונ מאָדליך, נאַטורליך; אונטער דעם פֿרייען היממעל, איך אונ חיה (דען מעכאַניקערס שוועסטער) זענען דיא מוזיקאַנטין'ס, אַ מאָל שפּיעל איך, אונ אַ מאָל, — זיא; נוא מרים! הייסטו דאָס געלעבט? בין איך ניט צו בעדויערן?.

אַך יאָ, איך האָב שיער פֿערגעססען! וואָס מאַכט מאַן יעטצט בייא אייך אין דיא לאַנגע, שטרענגע, מעלאַנכאָלישע ווינטערנאַכט? מען פֿריערט אָדער שוויטצט, מען טאַנצט זיך איין דיא אויסצערהונג אָדער מען זיטצט אין דערהיים אונ האָט מורא זיך צו ווייזען אין „דיא שאַרפֿע לופֿט" אַז מען זאָלל זיך דיא נאָז ניט אָבפֿריערן, אונ איך! וואָס זאָלל איך מאַכען מיט מיינע וואונדערשאָנע פֿוקספּעלצווינדעלן? עס איז דאָך היע גאָר קיין ווינטער!

עס וואַקסט היע פֿיעל ברוט, צוקקעררוהר, אונ בוימוואָלל, מיר האָבען היע פֿיעל זייד; איך האָב אין מיין לעבען נאָך ניט געזעהען אַזאָלכען שאָנען אונ געשמאַקקען האָניג וויא היע איז דאָ; אַך! מאַכטען דאָך מיינע טהייערע עלטערן באַלד אַהערקוממען אונ אונזער לעבען וואָללט געוועזען גאַנץ אונ פֿולל, אָבער, וואָס פֿערשטעהט איהר דאָרט פֿאַן אַזוא אַ לעבען?.

מיין מאַנן גרוססט דיך הערצליך, אונ בעט דיך אַז דוא זאָללסט, אין זיין נאָמען, דיא „גרוססע דאַמען" בייא אייך, דערצעהלען איין אַנעקדאָט:

אַ מאָל, שבת בייא טאָג, נאָך דעם שלאָף, איז איינער פֿון אונזערע יודען געגאַנגען שפּאַצירען אין גאָרטען אונ האָט געזעהען: אַז זיין יונגעל שטעהט בייא אַ בוים, האַלט אין מויל אַ שטריקקעל וואָס איז צו געבונדען צום בוים, אונ ניינט

„וואס וויינסט דוא?" האט דער פאטער געפרעגט דאס יונגעל „איך האב מיך מיט נאך יונגלעך געשפּיעלט אין פערדעלעך – האט דאס וויינעדיגע יונגעל ערצעהלט – איך בין געוועזען דאס פערדעלע אונ זייא זענען מיר נאכגעלויפען, עס איז געוועזען אזוא שאן! מיט א מאל. האבען זייא מיך צו געבונדען צום בוים, אונ לופען אללע מאל פארבייא אונ שמייסען מיך" דער פאטער האט פאר נחת געשמייכעלט אונ ווייטער געפרעגט" אונ פאר וואס לאזט דוא ניט לוז דאס שטריקקעל פאן מויל אונ געהסט אהיים, אז דיא ווילדע יונגען זאללען דיך ניט שלאגען?" דאס יונגעל האט נאך מעהר אנגעהויבען צו וויינען „א גרוססע חכמה! איך זאלל ארויסלאזען דאס שטריקקעל פאן מויל אונ אהיים געהן, אין דערהיים וועלל איך דאך אבער קיין פערדעלע ניט זיין" – האט ער געזאגט. ערצעהל זייא דאס, גוטע מרים.

מרים! איך האב דיר היינט גענוג, אונ אפשר צופיעל געזאגט, אבער פער־לאנג פאן מיר ניט אז איך זאלל דיר מעהר זאגען.

גאטט ערהאלטע אונ שטארקע דיין עהרליכען פאטער, אונ דיר זאלל ער געבען פערשטאנד אונ מוטה אז דוא זאללסט וויסען וואס דוא האסט צו טהון.

דיין, עוויג דיין — רחל

ארץ ישראל תר"מ...

## ר' מרדכי צו זיינע קינדער.

מיינע גוטע, ליעבע קינדער! וואס דוא, ליעבער ברוך, שרייבסט מיר וועגען דעם דירעקטאר, אונ דיא קאלאניסטען, מאכט מיר גרוססע שמערצען, אבער איך וויל האפפען אז דיא זאך איז ניט אזוא געפאהרליך וויא דוא מיינסט; מען קאנן עהר גוט גלויבען: אז דער עדעלע מאנן אין פאריז, האט ניט געטראפפען מיט דעם דירעקטאר, אז דער דירעקטאר איז אקעגען יודישע קאלאניזאציע אין פאלעסטינא אונ געגען אללע ניטפראנצאזישע יודען, אונ דאס איז פאר אונזער זאך זעהר שלעכט; אבער, איך מיין: אז ווען דער גרוססע מאנן האט זיך איין מאל גענומען צו דיא זאך; וועט ער זיא ניט לאזען אין שטיך; אונ דער דירעקטאר איז אפיינד פאן דיא ניטפראנצאזישע יודען קענן דאס ניט זיין פאן דעם עדלען מאנן, ווייל דער עדעלע מאנן, האט זיך אונטערגענוממען צו שטיטצען רוססישע אונ רומינישע יודען – קאלאניסטען אין ארץ ישראל, אונ עס איז אוממאגליך, אז ער זאלל פאלגען דען דירעקטאר אונ לאזען פערהונגערן, אדער זאלל ארויסשטופען דיא וואס ער האט אונטער זיין שוטץ גענוממען; ער וועט זעהר גוט פערשטעהן: אז דערמיט וועט ער אנדערע שטעקקערס, איסטאציעס אונ אנאדים מיט אללע זייערע הענקערקנעכטע, גע־בען א מעססער אין דיא האנד, אז זייא זאללען דערמיט הרגנן פונף מילליאנען יודען אונ זייא וועללען האבען מיט וואס געערעכט צו בלייבען ביי דיא וועלט; ניין! דאס קאנן ניט זיין.

מיט דיא לייכטזיניגע קאלאניסטען איז ווירקליך זעהר טרויריג פאן איין זייט;

עס איז אָבער גוט פאָן דיא אַנדערע זייט ; טרויריג איז עס : ווענן מענשען קעננען ניט זייער לאַגע, מענשען וואס פערשטעהען ניט אַז אַ אָרעמאַנן איז וויא אַ קאַפּיטעל תהלים ; עס איז נאָר אַ בעטבריוועל, אַ וועקסעל איז דאס ניט ; איין אָרעמאַנן אַ שקץ, אַ רייכער האָט יעדער פיינד, אובוואהל, יעדער אָרעמאַנן האָט דאס רעכט צו „בעטען“ אונ יעדער אָרענטליכער מענש פוהלט זיך פאַר שולדיג איהם צו העלפען ; דיא קאַלאַניסטען האָבען אובערהויפט אַ טעות ווענן זייא מיינען : אַז יודען זענען מחויב זייא צו פערהעלפען צו קאַלאַניען ; מיר זענען מחויב דעם יודענטהום צו פערהעלפען צו קאַלאַניען אונ דאס יודענטהום וויל מיט דעם אויפבויען קאַלאַניען אויך אויפבויען זייער נאַציאָנאַליטעט, זייער אַלט יודענטהום ; איך מיין ניט, דעם שטריימעל מיט דעם באַרטעל, ניין, דאס מיינט יעטצט קיינער, דאס וויל יעטצט קיינער, אָבער מען וויל דיא וועלט ווייזען : אַז דער יוד וואס זאָגט אַזוא גערן תהלים אונ האָט מורא עובר מנחה צו זיין, קאַנן רעכטוועגען זיין אַ גוטער ערדאַרבייטער ; מען וויל דיא וועלט ווייזען : אַז אונזער היילינער גלויבען שטערט אונז ניט אַז מיר זאָללען דער וועלט אַזוא נוטצליך זיין וויא אַללע אַנדערע פעלקער ; איהר קעננט מיך, מיינע גוטע קינדער, אַז בייא מיר קאַנן דאס ניט הייסען אַ חסרון, ווענן בייא אַ קאַלאַניסט איז דאָ אַ קלאַוויער, ווענן קאַלאַניסטען וויללען מוצאי שבת הערען קלאַוויר שפּיעלען, הלוואי זאָלל איך עס נאָך ערלעבען אַז בייא יעדען ... זאָלל שטעהן אַ קלאַוויר אונ מוצאי שבת זאָלל איהם זיין ווייב, אָדער זיין טאָכטער שפּיעלען זמירות, עפּעס איין „אַדיר איום ונורא“ אָדער איין „אַל תירא עבדי יעקב“ אָבער, ווענן מען ווייזט שון בייםאַנפאַנג אַז מען מיינט דאס קלאַוויר, ווענן מען קלאָגט זיך שון אָפפענטליך : אַז אין דיא גאַנצע קאַלאָניע איז נאָר דאָ איין איינציג קלאַוויר, אונ מען קענן דאס איינע אויך נעבעך ווענינ הערען, דאס זענען שון קיין קאַלאַניסטען, ניט דאס מיינט דער פסוק, אונ אויף זייא איז ניט צו האָפפען אַז זיא זאָללען ווענן זיין גוטע קאַלאַניסטען ; אָבער פאָן דיא אַנדערע זייט, איז דאס זעהר גוט וואס מען ווייסט מיט וועם מען האָט צו טהון ; עס איז גוט וואס זייא האָבען בייא צייטען אויסגעזאָגט וואס זייא וויללען אונ מען וועט וויסען אַז מען האָט זיך פאַר זייא צו היטען ; לאָזען זייא אָבער אויך ניט זיין אין טעות אונ מיינען : אַז דאס יודענטהום וועט זייא דאַנקבאַר זיין ווענן זייא וועללען דאָרט מאַכען קלובען מיט טאַנצאַבענדע, ניין, אַ בית המדרש אין יבנה, וויא עס איז אַמאָל געוועזען, אונ מהיכי תיתי, איין אוניווערזיטעט אויך, אָבער אַז מען זאָלל דאָרט אונטערצונדען אַ הויז אַם יום כפור, ווייל מען איז איינגעשלאָפען מיט אַ פּאַפּיראָס, געוויסס וויללען מיר דאס ניט אונ מען וועט עס דערצו קיין מאָל ניט לאָזען קוממען ; איז דאָך בעססער וואס קרח מיט זיין עדה איז אַרויס געטרעטען אונ האָט געזאָגט וואס ער וויל !

פאַר עטליכע יאָהר, אַז דיא בעוועגונג פאָן ארץ ישראל האָט זיך אָנגעהויבען,

אַז בְּלִינְדֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען אָנְגֶעהֹויבֶּען צוּ שְׁרַייעֶן אִין דִיא צַייטוּנְגֶען „עֶנְטְלוֹפְט בְּרוּדֶער, אַהֵיים, גְלַייךְ נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל״ הָאט אֵיינֶער גֶעשְׁרִיעבֶּען אִין „המגיד״ אוּנ הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטֶען „גֶעוואַלְט שְׁרַייעֶט נִיט״ „גֶעוואַלְט לוֹפְט נִיט״! „הַאבְּט פְרוּהֶער דָארְט אוּנ הִיע אָרְדְנוּנְג אוּנ דֶערְנָאךְ שִׁיקְקְט אַהִין מֶענְשֶׁען, אָבֶּער וַוייסְט וֶועם אִיהר שִׁיקְקְט״ מֶען הָאט גֶעזָעהֶען: אַז דֶער שְׁרַייבֶּער קֶענְן דִיא וֶועלְט, קֶענְן אוּנְזֶער פָאלְק, אוּנ קֶענְן דִיא קוּנְסְט פוּן קָאלָאנִיזַאצְיָע גְרוּנְדְלִיךְ; מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען: אַז דָאס אִיז אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט זַיין פָאלְק לִיעבּ אוּנ מֵיינְט עֶס מִיט דֶער הֵיילִיגֶע זַאךְ עֶהְרְלִיךְ, נִיט צוּלִיעבּ דֶעם אַז עֶר זָאלל אַרוֹיפְשְׁפְּרִינְגֶען אוֹיבֶּענְאָן אוּנ . . . . עֶר הָאט נָאר גֶעבֶּעטֶען דִיא זַאךְ צוּ גֶעבֶּען דֶען רִיכְטִיגֶען גַאנְג; מֶען הָאט גֶעזֶעהֶען: אַז דֶער מַאנְן שְׁרַייבְּט יֶעדֶעס וָוארְט מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן זַיין הַארְץ, אוּנ גֶעוִויסס, וֶוענְן מֶען וָואלְט אִיהם גֶעפָאלְגְט וָואלְטֶען הַיינְט דִיא קָאלָאנְיֶען אַנְדֶערְשׁ גֶעשְׁטַאנֶען, מֶען וָואלְט דָארְט גֶעהַאט טְהֶעטִיגֶע מֶענְשֶׁען וָואס וָואלְט זַייא נִיט גֶעלֶעגֶען אַללֶע נַארִישְׁקַייטֶען אִין זִינְן. עֶס וָואלְט נִיט יֶעדֶער לֵייכְטזִינִיגֶע מֶענְשׁ אַהִין גֶעלוֹיפֶען אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן: אַז מֶען כוּז אִיהם גֶעבֶּען פָאן פָּאגֶעלְמִילְךְ וַוייל, עֶר הָאט זִיךְ מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם פָאלְק; אָבֶּער, מֶען הָאט דֶען עֶהְרְלִיכֶען מַאנְן נִיט גֶעהֶערְט. מֶען זוִילל קֵיין עֶהְרְלִיכֶען מַאנְן אוּנ קֵיין עֶהְרְלִיכֶע עֵצָה הֶערֶען, אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען דָאס וָואס יֶעטְצְט אִיז,

אָבֶּער, קִינְדֶער, אַזָאלְכֶע גְרוֹסֶע זַאכֶען, קֶענֶען נִיט מִיט אַ מָאל גֶעמַאכְט ווֶערֶען אַז עֶס זָאלל קֵיין פֶעהְלֶער דֶערְבַּייא פָארְקָאמְמֶען אוּנ, אִיךְ זָאג עֶס נָאךְ אַ מָאל: אַז עֶס אִיז זֶעהְר גוּט וָואס עֶס וַוייזְט אוּנְז בַּייא צַייטֶען אַללֶעס זַיין רִיכְטִיג גֶעזִיכְט; יֶעטְצְט וַוייסֶען מִיר ווֶער עֶס אִיז יַעֲקֹב אוּנ וָוער עֵשָׂו, אוּנ דָאס אִיז זֶעהְר גוּט.

אִיךְ רֶעדֶען: אַז דֶער גַאנְצֶע פֶעהְלֶער לִיעגְט אָן דִיא חֶבְרוֹת; וָוארוּם אוֹיסֶער אִין ק־ווִיטְץ, הָאבֶּען מִיר נָאךְ קֵיין אֵיינְצִיגֶע חֶבְרָה וָואס הָאבֶּען אִיהְרֶע טְהָאטִיגֶע מֶענְשֶׁען אָן דֶער שְׁפִּיטְץ, אִין וו . . . ; אִיז בִּיז יֶעטְצְט דִיא זַאךְ צוּ גֶעגַאנְגֶען וִויא אַ שִׁיף אָהְנֶע רוּדֶער. אָן דֶער שְׁפִּיטְץ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ מֶענְשׁ וָואס דָאס פָאלְק הָאט אִיהם נִיט גֶעטְרוֹיט, אוּנ דָארְט אַרְבֵּייטֶען וִויכְטִיגֶע מֶענְשֶׁען אָן דֶער הֵיילִיגֶע זַאךְ! פָאן דָארְט הָאבֶּען מִיר גֶעהָאפְּט אוֹיף גְרוֹסֶע זַאכֶען! יֶעטְצְט זָאלל עֶס דָארְט שׁוֹן אַ בִּיסֶעל בֶּעסֶער אוֹיסְזֶעהֶען; ווַייטֶער, בַּייא דִיא אוּבְּרִיגֶע הוֹיפְט – חֶבְרוֹת – הָאבּ אִיךְ דָאךְ שׁוֹן גֶעזָאגְט לִיעבֶּע קִינְדֶער – שְׁטֶעהֶען מֶענְשֶׁען אָן דִיא שְׁפִּיטְץ וָואס מֶען וָואלְט זַייא גֶעדַארְפְט גוּט בֶּעצָאהְלֶען אַז זַייא זָאללֶען זִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע זַאךְ נִיט מִישֶׁען; וֶועט אִיהר קִינְדֶער, עֶס גְלוֹיבֶּען, אַז אִין אַ גְרוֹסֶע שְׁטָאדְט פָאן 70—80 טוֹיזֶענְד יוּדֶען. שְׁטֶעהְט בַּייא אוּנְזֶער זַאךְ, כִּמְעַט, אוֹיבֶּענְאָן, אַ מַאנְן וָואס זָאגְט „לָאזֶען זִיךְ אַללֶע יוּדֶען טוֹיפֶען, אַבִּי זַייא זָאללֶען גֶעהְן נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל״ אוּנ דֶער שְׁטֶעללְט זִיךְ אַרוֹיס פַאר אַ נַאצְיָאנַאלִיסְט! אוּנ דֶער לָאזְט קֵיינֶעם אַ וָוארְט

זאָגען אובער ישוב ארץ ישראל! און דעם דאַכט זיך: אַז די אידעע פון ארץ ישראל איז זיין! און באמת קוממט עס אַרויס ווי מיט יענעם שוסטער, „האר לעבען! אַז אויף טייטשערעש, טאַ לאָזט מיך!" וואָס גערט דאָס אַזוי איינעם אָן, אַז מיר יודען ווילען אַ יודיש יודענטהום, און אויף קיין פאלל אַ פּראָזעליטענ־יודענטהום! וואָס גערט דאָס אַזוי איינעם אָן, אַז די בעסטע מענשען, וואָס וואָללטען ווירקליך געקאָנט העלפען ביי אונזער זאַך, פערשטעהן אַללעס זעהר גוט, און פערשטעהן: אַז ישוב א״י איז ניט אין גאַנצען דעם איינעם פאַנאַבריה׳ס! אַז דער פאַנאַבריה האָט זיין נוטע בערעכנונג צו זיין אַ פייעריגער „פּאַלעסטינעץ"! אַז ער איז אַ מאָל געוועזען אַ פייעריגער „אַנטיפאַלעסטינעץ" און, אַז עס קאָנן זעהר לייכט קוממען אַ צייט: אַז דער פייעריגע פאַלעסטינעץ וועט שפּייען מיט פייער ווענן ער וועט הערען רעדען וועגען ישוב ארץ ישראל!? דאָס אַללעס גערט דעם מאַנן גאָר ניט אָן; דערוויילע איז ער דער חאָהן אין קאָרב, דערווייל — שטעהען טויזענדע וויכטיגע מענשען, וואָס מיינען עס זעהר ערהרליך מיט דער זאַך, פאַן ווייטען און דאָס האַרץ טהוט זיי שרעקליך וועה, דערווייל — רוהרט זיך דאָרט די זאַך ניט פון אָרט און דערווייל — נוא, פאַן אַ שלאַנג קאַנן מען נאָר וואַרטען גיפט, און אַז אַזאַ אַ מענטש שטעהט אובענאַן ביי אונזער זאַך, קענן מען מעהר ניט ערוואַרטען ווי דאָס וואָס עס איז, אַז די קאָלאָניסטען, דאָס הייסט: די אינטעלליגענטע (כביכול) בוירען, זאָללען זעללען אַללע מוצאי שבת אַביסעל טאַנצען ק. . . ן.

אָבער דאָס וועט מיט די צייט אַנדערש ווערען; די אידעע פאַן ישוב ארץ ישראל, וועט חלילה, אובער עטליכע גיפטמישער ניט שטאַרבען, זיא איז ב״ה געזונד און שטאַרק, זיא קאָנן עטליכע פאַרציעס גיפט פערטראָגען; די אידעע געהער דעם פאָלק, און פאַר אַ פאָלק, ווא עס האַנדעלט זיך, אַ גרוססע אידעע דורכצופוהרען, זענען עטליכע פערלאָרענע יאָהר, עטליכע געמאַכטע פעהלער, אַ קליינער חשבון; עס וועללען זיך דאַך, מיט די צייט, צו דער זאַך נעממען ערנסטע, וויכטיגע מענשען, און די לייכטזיניגסטע קאָלאָניסטען וועללען אויך מיט די צייט פערשטעהן: אַז עס האָט זיי קיינער אַהין געשיקקט, און זיי קענגען צו קיינעם האָבען אַזאַלכע שרעקקליכע פּרעטענזיעס, און ווענן מען העלפט זיי דאַרפען זיי דערפאַר דאַנקבאַר זיין און פאָלגען ווענן מען וויל: אַז דאָרט זאָללען יום כפור קיין הויזער אָבברענגען, אובער אַ הולטייא וואָס האָט דאָרט געריכערט אַפּאַפּיראָס.

מוטה, קינדער, מוטה! מיר האָבען אַללע מאָל געהאַט אונזערע קרתי׳ם און קאָמפּאַניע! מיר האָבען אַללע מאָל געהאַט און האָבען אַזאַלכע וואָס ווילען פערשמייגען זייערע יהושע׳ס מיט כלבי׳ם וואָס ווילען דעם גאַנצען פאָלק העלפען! מיר האָבען אַללע מאָל געהאַט אונזערע סנבלטים! אָבער, מיר האָבען ב״ה אַללע מאָל אונזערע נחמיה׳ס וואָס האָבען פאַר עטליכע לומפּען, פאַר עטליכע פאָלקס־מאָרדער קיין מורא, און פוהרען די זאַך צום ציעל, צום פאָלקס גלוקק; און מיר

וועללען אויך א מאל זאגען צו דיא לומפען „ולכם אין חלק וצדקה וזכרון בירושלם״ נאר מוטה! נאר ניט אראבגעלאזט דיא פליגעל! אונ גאטט וועט העלפען,

איך אונ דיא גוטע מוטטער גרוססען אייך מיט אללע וואס מיט אונ בייא אייך זענען   אייער טרייער פאטער   מרדכי

טבת תרם ...

## מרים צו רחל

רחלה, מיין גוטע רחלה! דוא ביזט מיר יעטצט דאפפעלט טהייער, דענן, אויססער אלבערטן, האב איך נאר דיך איינע אויף דער וועלט, איך האב ליידער מיין פאטער פאר צעהן טאג, בעגראבען, אונ איך בין אונטראסטליך.

אונ אלבערט! איך האב יעטצט שטארק אנגעהויבען צו צווייפעלן אוב ער וועט מיר קאנגען דאס גאנצע לעבען, מיין גאנצע וועלט געבען אזוא וויא איך האב ביז יעטצט געהאפפט; איז ער דאך יעטצט, וויא איך בין אזוא עלענד, דאפפעלט שטרענג געגען מיר, שטאטט מיך צו טראסטען! איז ער דאך יעטצט שרעקליך אונצופריעדען, נאכדעם וויא איך האב איהם געזאגט: אז עס איז נאך מיין זעליגען פאטער אויססער דעם הויז אונ ווירטהשאפט, קיין פערמאגען אובערגעבליעבען! אבער, דאס הויז איז ווערטה הונדערט טויזענד פראנק, דיא ווירטהשאפט קענן אויך ווערטה זיין צוואנציג טויזענד פראנק אונ איך בין נאך פאר איהם א גוטע פארטהיע, ווייל ער קיין בעססערע האט, אבער עס געפעלט איהם שרעקליך ניט; ער האט מיך שוין עטליכע מאל געפרעגט: וואו דעם פאטערס פערמאגען קאנן זיין אהינגעקוממען? פארלייפיג וויל איך איהם נאך ניט זאגען, אז דאס איז בייא דיין פאטער; אונ איך האב איהם דארובער דיין בריעף ניט געוויעזען; דוא זעהסט: אז איך טרויע איהם שוין יעטצט ניט אזוא וויא פריהער, אונ דאס, האב איך דיר צו דאנקען, דוא האסט מיר דאך דיא אויגען געאפפענט.

וואס וועט ער זאגען, וואס וועט ער טהון, וועגן ער וועט וויססען אז דאס געלד איז בייא דיין געעהרטען פאטער אונ צו וואס עס איז בייא איהם? איך וועלל דאס באלד וויססען, ווארום איך וועלל עס איהם אין עטליכע טאג זאגען; פאר־לייפיג. רעד איך מיט איהם פון ארץ ישראל, איך זאג איהם: אז איך בין דיך מקנא; אבער ער וויל דערפון ניט הערען אונ זאגט: אז עס איז א שלעכטער זאל־דאט וואס ענטלויפט פון שלאכטפעלד! מען מוס אויסהאלטען ביז מען וועט אונזער שלאבט, אונזערע רעכטע געוויננען.

געכטען, איז ער צו מיר געקוממען אונ האט מיר מיט גרויסס פערגעניגען ערצעהלט: אז ער האט גערעדט מיט א פאמיליע וואס איז צורוקגעקוממען פון פאלאסטינא.

פאר וואס זענען זייא צורוקק געקוממען? האב איך איהם געפרעגט.

ווייל עס איז דארט ניט מעגליך צו לעבען – האט ער מיר געענטווערט.

„געוויסס, זענען דאס ארעמע לייט, מיוחסים, וואס ווילען: בייא אנדערע ניט ארבייטען"

„פונקט פערקעהרט! זייא זענען זעהר רייך, אונ האבען דארט פיעל געלד פערלארען"

„זייא האבען געוויסס גערעכענט: אז דארט וועט זייא רעגענען מיט מיליאנען, אונ וויא זייא האבען געזעהען אז זייא האבען זיך טועה געוועזען, זענען זייא צורוקקגעפאהרען?"

„מיליאנען! מען קענן דארט קיין ברוט אויך ניט געפינען, דיא ערד טוג דארט ניט, אונ דאס לעבען איז מען דארט אויך ניט זיכער פאן דיא רויבערישע אראבער אונ מערדערישע בעדואינען" אונ ער האט מעהר דערפון ניט געוואללט רעדען; וואס זאגסט דוא דערצו, גוטע רחלה? איך האלט עס קוים אויס ביז איך וועלל פאן דיר הערען וואס דאס איז.

וואס דוא האסט מיר געשריעבען פאן אונזער לעבען היע. אייער לעבען דארט אונ דיא געשיכטע מיט דעם קינדישען פערדעלע האב איך דיא „גרוססע דאמען" פארגעלעזען ווענן זייא האבען מיך, נאך מיין אונגלוקק בעזוכט; מאנכע האבען זיך געוואונדערט: צו וואס איינבילדונג קענן ברענגען, אנדערע בעהויפטען: – אז דוא ביזט קראנק, מאדאם רייפראקק זאגט נאר איינס „דאס איז אללעס דוממן. , דאך בעניידען דיך אללע מיט דעם וואס דוא רייטסט אונ מאדאם „טילבשנאבעל" איז דיא ערסטע געוועזען וואס איז זעהר נייאגיעריג געוועזען: וויא דיין רייטקלייד זעהט אויס? נאך איהר, ווילל מאדאם „לוסטיג" וויססען: אוב דיין רייטפערד איז איין אראבישעס אונ מאדאם „גרויאקאפ" צעברעכט זיך דען קאפ וואס פאר א הוט דוא טראגסט ביים רייטען.

דיא אנעקדאטע פון גארטען האט זייא דאך נעבעך אביססעל דיא קאפלעך פערדרעהט; מאנכע האבען אראבגעלאזען דיא אויגען, עס איז אויך דא מאנכע וואס הובען דאך אן צו פערשטעהן אז דוא האסט רעכט. נאר זייא ווילען עס ניט זאגען, ווייל זייא ווייססען אז מען וועט זייא אויסלאכען.

געגען מיין אלבערט ווילל איך יעטצט ניט מעהר שוואך זיין; יא, איך ווילל, אבער וועלל איך עס קאנגען?.

א רחלה! לערן מיך אוים שטארק זיין, טראסט אונ בערוהיג באלד דיין אונגלוקקליכע, שרעקקליך אונגלוקקליכע אונ פערלאזענע.

... פעברואר ... 188 מרים

## אלבערט צו בערנהארד (איבערזעטצט פאן רומיניש)

מיין גוטער שולקאמעראד בערנהארד אנדרעיעסקו! דוא האסט געזעהן, אין דיא (קאלאניספין ח״ב)

לעטצטע צייט פאר דיין אוועקפאהרען, אז איך האב מיט דיר מעהר ניט געוואללט רעדען וועגען דיין פערלאזען איירָאפא אונ ניט וועגען אנדערע זאכען וואס מיר געהען זיך אויסאיינאנדער, ווייל, איך האב געזעהען: אז דוא ביזט געווארען א פאנאטישער אזיאט, דוא ביסט צורוקגעגאנגען צו אללעם אלטען, אונ האסט אומגעווארפען אללעס וואס גרויסע מענשען האבען אין צווייאטויזענד יאהר אויפגעבויט; אבער, איך קען דיך פאר עהרליך געניג, אז דוא וועסט איין אפפענעם רויב ניט האלטען פאר גערעכט.

מיין אלטער נארר, מאריאס פאטער, האט פאר זיין שטערבען, דיין שוויעגער־פאטער אובערגעגעבען זיין גאנץ פערמאגען – איך ווייס ניט א מאל וויא פיעל – אז ער זאלל פאר מיר אין פאלאסטינא קוי״ן לאנד.

איך בין זייט אנדערטהאלב יאהר פערלאבט מיט מאריא; פאן דעם אויגענ־בליק וויא מאריא איז געווארען מיין, בין איך דער איינציגער אונ גאנצער יורש פאן איהר עלטערנס פערמאגען; נוא איך פרעג־דיך: מיט וועלכעם רעכט האט ער געקאנט מיך בינדען אן פאלאסטינא ווען איך וויל עס ניט? אזוא לאנג וויא ער האט געלעבט, פערשטעהט זיך, אז ער האט געהאט דאס רעכט צו טהון מיט זיין פערמאגען וואס ער האט געוואללט, אבער אזוא באלד וויא ער האט געזעהען אז ער שטארבט, האט ער גוט געוואוסט: אז זיין פערמאגען איז ניט מעהר זיין, נאר מיינס מיט מאריאס; מיט וועלכעם רעכט, פרעג איך דיך, האט ער אונזער פערמאגען אוועקגעגעבען אין פרעמדע האנד, אונז צו בינדען אן א געשעפט וואס מיר ווילען ניט, אונ אן א לאנד וואס מיר וועללען אום קיין פאלל אהין געהן? דאך וויל איך עס אונזער אלטען פערצייהען: עס איז געוועזען עטליכע טאג פאר זיין שטארבען אונ ער איז געוויסס ניט געוועזען ביי פאללען פערשטאנד, אבער, מיט וועלכעם רעכט האט דיין שוואר מיין פערמאגען פעסט צו האלטען אונ מיר ניט א מאל צו וועללען זאגען אין וויא פיעל דאס פערמאגען בעשטעהט? אונ דיין שוואר הייסט דאס נאך דער חכם אונ דער עהרליכער מאנן! אבער זאג מיר ווא איז דא דער געזונדע פערשטאנד, ווא דיא עהרליכקייט? וואללטען געבילדעטע מענשען אזוא געהאנדעלט?

פאן מיין אלטען וויל איך ניט מעהר רעדען, ער לעבט ניט מעהר. אונ איך קאנן זיין דוממהייט אונ אונרעכט ניט אוממאכען; אבער, דיין שוואר לעבט, אונ ער דארף דאך וועניגסטענס פערשטעהן וויא ווייט אונזיטטליך אונ אונגערעכט עס איז, זיך צו מישען אין פרעמדע זאכען; ער דארף בערעכנען: אז אזאלכעס אריינמישען פאן פרעמדע מענשען קענן פוהרען צו . . .

איך וויל נאך גלויבען, אז מיט דיין געהן נאך אזיען, ביזט דוא נאך ניט געווארען א גאנצער אזיאט, דוא קאננסט אין דרייאפירטעל יאהר ניט האבען פערגעססען דאס, וואס דוא האסט געלערנט אין 14—15 יאהר; דוא ביזט נאך

א דאקטאר, דוא ביזט נאך א געבילדעטער יונגער מענש, אונ דוא וועסט נאך פערשטעהן, וויא וויים אונגערעכט ער איז געגען מיר אונ וועלכע גרוססע פעראנט־וואָרטליכקייט. — ער נעממט אויף זיך; דוא וועסט — האפף איך, אללעס טהון, מיר מיין פערמאגען צורוקק צו פערשאפפען.

איך ערוואַרט באלד דיין אנטוואָרט, דענן איך וויל — אלס געבילדעטער מענש, אללעס טהון, אז איך זאלל אין גוטען קוממען צו מיין פערמאגענס; עס פערשטעהט זיך אבער, אז, ווענן איך וועלל אין גוטען ניט אויספוהרען, וועלל איך דיא זאך מוזען אנדערס אנהובען.

דיין אלטער קאמעראד — אלבערט

.. : 28 פעברואר . . . 188

## ברוך צו ר׳ מרדכי

טהייערער, עדלער שוויעגערפאטער! אייער בריעף האט מיך צוואר בערוהיגט וועגען דעם עדעלן מאנן; איהר האט זעהר רעכט: אז אזוא א גרוססער עדעלער מאנן וויים געוויסס, וועלכע גרוססע, וועלכע היילינע זאך ער האט זיך אונטערנעממען; ער וועט געוויסס אובער עטליכע לייכטזינניגע מענשען, וואס דאס טאנצען אונ רויכען איז ביי זייא דער גאטט, ניט אומשטוססען אזוא א היילינע אידעע אונ אונגלוקקליך מאכען איינינע מילליאנען יודען; דאס איז אללעס זעהר ריכטיג, אבער, איהר האט מיך ניט אויף א האאר בערוהיגט, וועגען דעם צו פרייען לעבען, וואס דיא עטליכע קאלאניסטען, וואס רופען זיך היע „אונטעליגענטען" ווילען היע איינפוהרען; שטעללט אייך נאר פאר! דיא צדיקים אין ירושלים וואס ווילען בשום אופן ניט דיא קאלא־ניזאציע, איבער זייער ניעדריגע בערעכנונג וועגען דער חלוקה אונ, זייא וועללען גאנץ געוויסס ניט פארבייאלאזען קיין געלעגענהייט איהר צו שאדען — אונ מען קענן עס ניט לייגנען, אז זייער איינפלוסס אין דיא יודישע וועלט איז גרוסס — פאן דיא אנדערע זייט: דער דירעקטאר, וואס האט פיינד דיא זאך מיט אללע יודען צו־זאממען אונ אין מיטטען שטעהען אונגעפאהר דיא האלפט קאלאניסטען וואס זענען נאר דארום פרייע אונזער היילינע זאך, אום, זייא זאללען קעננען טהון וואס זייא ווילען, לעבען וויא זייא ווילען אונ, עס איז מעהר וויא זיכער, אז אזוא באלד וויא דאס וועט זייא ניט געלונגען, אוב מען וועט זייא דאס ניט ערלויבען, וועללען זייא וועללען ווייזען וואס זייא קאננען; וואס פאר א גוטס האבען מיר דערפון צו האפפען? וואס פאר א גוטס קענן דערפון ארויסקוממען? ניין, פאטער, דא מוזען זיך בייא צייטען אריינמישען ערנסטע מענשען אונ זייער גאנצע זארג זאלל נאר זיין דיא לייכט־זינניגע מענשען צו צווינגען געלאססענער צו זיין; דיא צדיקים, דיא גאטטס קאזאקען ניט צו רייצען; צו צווינגען — אז זייא זאללען לעבען אזוא אז דיא צדיקים זאללען זיך ניט האבען אויף זייא צו קלאגען, איך מיין ניט אז זייא זאללען ווערען פאנאטיקער, אבער, אז זייא זאללען — ווענינגסטענס אפפענטליך — ניט טהון, וואס עס הייססט,

בייא גיינציג פּראצענט יודען , געגען דעם הייליגען געזעץ , אונ דאס דארף מען בייא צייטען טהון , שפּעטער – וועט עס שון צו שפּאט זיין .

איך האב מיט צווייא אינטעליגענטע קאלאניסטען דארובער גערעט , איך האב זייא פארגעשטעללט דיא גאנצע געפאהר וואס זייא זעטצען , מיט זייער האנדעלן אויס , זיך אונ דיא גאנצע זאך ; אבער זייא האבען מיך אויסגעלאכט , זייא מיינען : אז זייא זענען קיינעמס שקלאפען , אז יעדער האט דאס רעכט צו לעבען אזוא וויא ער וויל , נאך זיין אובערצייגונג ; נוא , פאטער , קענן דערפון עפעס גוטס ארויס־קומען ? .

נאך א מאל זאג איך אייך , ליעבער פאטער : אז איהר זענט היע נאטהיג צו דיא הייליגע זאך ; עס קענן זיין אז אייך וועללען זייא דאך א ביססעל פאלגען , מיט דער שרעקקליכסטע אונגעדולד ווארט אויף אייך , אייער טרייער אייבאם

ארץ ישראל קאלאניע אהבת אחים , שבט , תרמ . . . ברוך

## רחל צו מרים

מיין ליעבע מרים ! שווער האט אונז דיין בריעף בעטריבט , מיר אללע בע־וויינען דיין געעהרטען פאטערס טוט , מיר ווייססען וויא גרוס דיין אונגלוקק איז אונ דארובער נעהם איך מיך גאר ניט אונטער דיך צו טרעסטען ; לאז דיך גאטט טרעסטען !

דוא ווילסט , גוטע מרים : אז איך זאלל דיך לערנען דיא קונסט שטארק צו זיין , קינד ! איז דען דאס א קונסט ? מען האט גאר נאטהיג ניט שוואך צו זיין אונ מען איז שטארק גענוג ; בלינד ליעבען , זיך וועם אובערגעבען , זיין גאנץ גלוקק , זיין לעבען וועם אין דיא האנד צו לעגען , פרוהער וויא איך ווייסס אוב דער מאנן איז ווערטה אז איך זאלל איהם ליעבען , אוב מען קענן איהם זיכער אין דיא האנד לעגען גלוקק אונ לעבען , הייססט : שוואך , צו שוואך זיין ; עס איז גענוג , ווענן מאן דיא זאך וואס מען ליעבט , גענויא בעטראכט , ווענן מען גיבט דער זאך ניט מעהר ווערט וויא זיא איינענטליך האט אונ , דאס איז גענוג ; דער טיגער האט א זעהר שאן אונ טהייער פעלל , דער בער האט נאך א שאנערס אונ טהייערער , דעסטוועגען ליעבט מען ניט דען טיגער אונ ניט דען בער ! דיא הויפטזאך איז : אז מאן זאלל וויססען וואס אונטער דיא הויט שטעקקט , אונ דאס לאסט זיך פרופען , ווענן מען וויל גאר ניט בלינד זיין .

יעטצט , מרים , וויל איך דיך א ביססעל אונטערהאלטען , צערשטרייען ; זאג מיר דאך , ראטה מיר , וואס זאלל איך טהון אז מיר האבען היע גאר קיין שנעע אונ איך קענן מיך ניט לאזען אין א שליטטען ארומשלעפפען ? גרונט אונ בלוהט דאך אללעס יעטצט היע , שאנער אונ געווירציגער וויא בייא אייך אים פרוהלינג ;

(קאלאניסטין ח"ב) מיר

מִיר הָאבֶּען דָא אַלֶע הֶערְצְלִיךְ גֶעלַאכְט אוּבֶּער אלבערט'ס הֶעלְדֶענְמוּטְה (בְּרִיהָשַׁאפְט): עֶר ווילל אִין רוּמִינְיֶען אוֹיסְהַאלְטֶען אוֹיף דֶעם שְׁלַאכְטפֶעלְד בִּיז עֶר וֶועט דִיא מִלְחָמָה גֶעווִינֶנען, בִּיז רוּמִינְיֶען וֶועט אִיהם גֶעבֶּען מֶענְשֶׁענְרֶעכְט! אוּנְזֶער לִיעבֶּער מֶעכַאנִיקֶער הָאט זֶעהְר גוּט גֶעפְרֶעגְט: פוּהְרט מֶען דֶענן אִין רוּמִינְיֶען מִיט אוּנְז מִלְחָמָה? מֶען בֶּערֶעכְט אוּנְז גַאנְץ אֵיינְפַאךְ דִיא בֵּיינֶער, דִיא שִׁכּוֹרִים גֶעמֶכֶען זֵייעֶר קָאנְטְרִיבּוּצְיֶע אוּנ דֶערְמִיט אִיז דֶער קְרִיעג פָארְלֵייפִיג גֶעעֶנְדִיגְט; קֶאנן אלבערטס פְּרַאקְטִיק דֶערְבֵּייא עֶפֶּעס הֶעלְפֶען?

עֶס אִיז וַוארְר: אַז פִיעלֶע פַאמִילְיֶען קוּממֶען אַהֶער נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּנ גֶעהֶען פָאן הִיע צוּרוּקק, אוּנ, נַאטוּרְלִיךְ: אַז זַייא פֶערְלִיעְרֶען גֶעלְד דֶערְבֵּייא; אָבֶּער אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז דֶערְבֵּייא נִיט שוּלְדִיג; עֶס זֶענֶען דָא מֶענְשֶׁען וָואס זוּכֶען אוֹיף אַ סְקַאנְדַאל. זַייא זֶענֶען נִיכְט רֶעכְט גֶעזוּנְד וֶוענן זַייא זִיטְצֶען רוּהִיג; מַיין לִיעבֶּער פָאטֶער עֶר־צֶעהלְט: אַז עֶר הָאט גֶעקֶענְנְט אֵיינֶעם אִין גַאלִיצְיֶען (עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען דִיא הַכִּירָה פוּן לִיכְטגֶעלְד) וָואס אִיז רַייךְ גֶעוָוארֶען פוּן בְּלוּטִיגֶע אָרֶעמֶע לַייט; נַאטוּרְלִיךְ: אַז מֶען הָאט אִיהם דִיא יָאהְר אוּנ טָאג פֶערְשָׁאלְטֶען, אָבֶּער, עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹן אַזוֹא צוּגֶעוָואהְנְט צוּ קְלָלוֹת, אַז עֶר אִיז רֶעכְט קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם טָאג וָואס מֶען הָאט אִיהם נִיט גוּט גֶעשָׁאלְטֶען; נוּא, מַיין מַאנן הָאט רֶעכְט: דָאס אִיז אַ קְרַאנְקְהֵייט וָואס הָאט לִיעב דָאס הוֹיטְשִׁינְדֶען; אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט גֶעלֶעגֶענְהֵייט צוּ רֶעדֶען מִיט אַ רַייכֶען מַאנן וָואס הָאט זִיךְ הִיע, אַ שָׁעָה וֶועג פוּן אוּנְזֶער ווִירְטהשַׁאפְט, גֶעקוֹיפְט אַ שֶׁען שְׁטִיקק לַאנְד מִיט זֶעהְר שֶׁענֶע, בֶּעקְוֶועהְמֶע גֶעבֵּיידֶען, עֶר וָואלְט גֶעקֶענְנְט גְלוּקְלִיךְ זַיין אוּנ דָאךְ הָאט עֶר גֶעמוּזְט דָאס אַלֶעם פֶערְקוֹיפֶען! אָבֶּער, אִיז דֶערְבֵּייא אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל שוּלְדִיג? גָאטט בֶּעהוּט! דִיא גֶעשִׁיכְטֶע אִיז גֶעוֶועזֶען גַאנְץ אֵיינְפַאךְ: וֶוענן דֶער מַאנן אִיז שׁוֹן הִיע מִיט אַלֶעם גֶעוֶועזֶען אֵיינְגֶערִיכְט אוֹיפְס שֶׁענְסְטֶע אוּנ אוֹיפְס בֶּעסְטֶע אִיז עֶר אַהֵיים גֶעפָאהְרֶען אוּנ הָאט אַהֶער גֶעבְּרַאכְט זַיין פְרוֹיא — אַ גַאנְצֶע מַאדַאם — מִיט דְרֵייא קִינְדֶער; אָבֶּער קוֹים הָאט דִיא „גְרוֹיסֶע דַאמֶע" גֶעזֶעהֶען דָאס שֶׁענֶע לַאנְדְהוֹיז, הָאט זִיא בַּאלְד גֶעקְרִיעגֶען דִיא נֶייאמָאדִישְׁסְטֶע שְׁפַּאזְמֶען, דִיא אַרִיסְטָא־קְרַאטִישְׁסטֶע הִיסְטֶרִיקָא, אוּנ הָאט שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעשְׁרִיעֶן אוֹיף אִיהר מַאנן; פַאר וָואס עֶר הָאט זִיא אַהֶערְגֶעבְּרַאכְט אִין אַזוֹא אַ שְׁווַיינֶעשְׁטַאלל (חֲזִיר־שְׁטַאלל); זִיא אִיז בַּאלְד גֶעפָאהְרֶען נָאךְ יָפוֹ, (דוּא זֶעהְסְט: אַז דָאס הוֹיז הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט אַ שְׁווַיינֶעשְׁטַאלל צוּ זַיין), הָאט זִיךְ אֵיינְקְוַוארְטִירְט אִין אַ הָאטֶעל, אוּנ דֶער מַאנן הָאט מִיט אַ צֶער־בְּרָאכֶען הַארְץ גֶעשְׁווִינְד גֶעמוּזְט אַלֶעם מִיט גְרוֹיס פֶערְלוּסְט פֶערְקוֹיפֶען אוּנ זַיין טְהֵייעֶרֶע הֶעלְפְט אַהֵיימְפוּהְרֶען, אַז מֶען זָאלל אִיהר וִויעדֶער בְּרֶעכֶען דִיא בֵּיינֶער. אַזָאלְכֶע „גְרוֹיסֶע דַאמֶען" אוּנ „גְרוֹיסֶע הֶערְרן" קֶאנֶען מִיר הִיע נִיט גֶעבְּרוֹיכֶען:

אוּבֶּערְהוֹיפְּט קֶאננֶען מִיר הִיע נִיט גֶעבְּרוֹיכֶען דִיא הוֹכְנֶאזִיגֶע דַאמֶען מִיט קָארְסֶעטֶעם אוּנ טוּרְנוּרֶס, מִיט קְלַאווִיר אוּנ אִיהר בִּיסֶעל גֶעקְלִימְפֶּער; מִיר הָאבֶּען צְווִישֶׁען אוּנְזֶערֶע קָאלָאנְיֶען עֶטְלִיכֶע אַזָאלְכֶע פְרוֹיֶען, אוּנ זַייא זֶענֶען אַיין אוּנְגְלוּקק פַאר אַלֶע

קאלאניסטען ; איך אונ דוא , מיר ווייסען גוט : אז אונטער אזאלכע ליעבע זאכען ליעגט פערבארגען פיעל גיפט , נאכיאגען זיך נאך פערגנוגען , יענעם בעליידיגען , באלשקייט , פוילקייט , אונ אזוא ווייטער ; אזאלכע פרויען ווענען אין איירארפא אויך איין אונגלוקק ; וויא פיעל רייכע מאנגער ווענען שוין אין איירארפא אונגלוקקליך געווארען דורך אזאלכע פרויען ! היינט וואס זאלל דיא אכטצעהניאהריגע מאכטער שוין זאגען ווענן זיא זעהט וויא איהר פיערציגיאהריגע מוטטער פוטצט זיך אזוא , אונ ווילל אזוא שטארק געפאללען !

דער וואלף שטיללט זיין הונגער מיט זאנד , אדער מיט א פעטען שאפס ! אזוא ווענען בייא אונז , ליידער פיעלע יודישע פרויען ; זיא לעבען גאנץ גוט אין עלענד אונ שמוטץ אונ דאנקען גאטט , ווענן דער מאנן איז ארם , אז זייא האבען טרוקקען ברוט ; אבער קוים שפירען זייא אז דער מאנן האט א ביסעל געלד , זוכען זייא באלד דען לוקסוס , דיא אויפשניידערייא ; מיט דעם מיטטעל לעבען קאננען זייא זיך קיין מאל צופריעדען שטעללען , אונ דער מאנן – איז שרעקקליך אונגלוקקליך אונ אפט . מוז ער דארובער יונג שטערבען ; אזאלכע פרויען ווענען א פאלקס אונגלוקק !

מיין גוטער פאטער ערצאהלט פיעל בייאשפיעלע פון אזאלכע פרויען וואס זייערע מאנגער ווענען דורך זייא ארם אונ אונגלוקקליך געווארען ; איינס פון אזאלכע „בייאשפיעלע" ווילל איך דיר דא אויספוהרליך ערצאהלען ; זיא קעננען זעהר גוט הייסען „טרויערשפיעל".

אין א יודישע שטאדט ; אין רוססלאנד האבען פאר א יאהר דרייססיג געוואונט צווייא ברודער , חסידים ; פאן וואס דער עלטערער האט געלעבט ? ווייסס מען ניט , דער יונגערער אבער , האט געלעבט פאן דעם וואס ער האט געקעננט א ביססעל שלעכט רוססיש שרייבען אונ , וואס דער הערר קווארטאלני נאדזיראטעל האט איהם , כמעט אללע מאנטאג אונ דאנערסטאג געגעבען געזונדע פאטש ; דוא קאננסט דיר לייכט פארשטעללען וויא זייערע ווייבער האבען געלעבט פאן אזאלכע ליעבע פרנסות , אבער , זיא ווענען , וויא גוטע יודישע פרויען , דערמיט צופריעדען געוועזען ; מיט א מאל , האט זיך דער שלעכטרוססיש-שרייבער מישב געוועזען : אז ער ווילל ווערען איין עושר , א גרוססער עושר ; ער האט ניט לאנג געטראכט , ער האט זיין ווייב אונ קינד געלאזט זיטצען אין נאך א גראססערע נוטה אונ איז אהעקקגעפאהרען נאך טיעף רוססלאנד ; אונ ער איז ווירקליך אין עטליכע יאהר אזוא רייך געווארען אונ האט זיין ברודער אזוא רייך געמאכט , אז ער האט זיך געקויפט אין דיא סטאליצע (קיסר-רעזידענץ) , א הויז פאן אפוליטשען פירסט וואס איז געוועזען רוססישער מיניסטער , אונ דער צווייטע , עלטערע ברודער האט זיך , דאכט זיך מיר „אויפגעבויט" דאס גראססטע הויז אין דיא צווייטע , רייכע הויפטשטאדט ; נוא , אייגענטליך מאג זיך יעדער פאר זיין געלד קויפען וואס ער ווילל ; דוא וועסט אבער זעהען , וואס זיין אייגען ווייב האט דער פון געמאכט :

וואס וועסט דוא דערצו זאגען, ליעבע מרים, אז דיא בעשלוסגעפּאסטע יודענע; האט ניט געוואלט אריינציעהען אין דעם פירסטען גרוססע פאלעי, וויל . . . דאס שלאפציממער איז איהר ניט געפעלען? א שלאפציממער וואס איז גענוג גרוסס און שאן געוועזען פאר אפּוילישע פירסטין, פאר א רוססישען מיניסטערס פרויא, איז ניט גוט און גרוסס גענוג געוועזען פאר דיא יודישע פרויא וואס האט פאר עטליכע יאהר ניט געהאט ברוט גענוג זיך זאטט צו עססען און איהר גאנצע דירה איז ניט אזוא גרוסס און שאן געוועזען וויא דאס איינע שלאפציממער! מען האט א גרוסס פערמאגען פערוועגדט אללעס אומצומאכען; נאטירליך: אז צו אזוא א פאלעי, מוז מען האבען דיא שענסטע עקיפאזשען. דיא שענסטע פפערד, קוטשערס, שטאללקנעכט, און דיא שענסטע פאניעס (ענגלישע, קליינע פפערד) פאר דיא חסידישע בחורים'ליך צום רייטען; עס פערשטעהט זיך: אז אום צו קאננען אזוא פירסטליך לעבען מוז מען זיך זעהר שטארק פערדרעהען דען קאפף און, אז פון אזוא א קאפפדרעהעניש מוז מען ביי צייטען קראנק ווערען און יונג שטארבען; אונזער העלד איז אויך קראנק געווארען און איז. נאך פיעל ליידען געשטארבען אין איטאליען, דאס הויז איז פארקויפט געווארען, און דאס גאנצע פערמאגען וואס דער אונגליקליכער האט איבערגעלאזען, איז קוים אזוויפיעל. וויא פיעל זייא האבען א יאהר געטויט פער־לעבען! און וויא שטעהט דאס מיט דעם אנדערן ברודער, דעם חסיד? ער מוז אויך האבען א גוט ווייב, ווארום ער קאנן אין דערהיים ניט איינזיטצען, ער שפּיעלט גאנצע נאכט אין קלוב אין קארטען און פערשפּיעלט א נאכט 5—10 טויזענד רובעל, נאטירליך, אז ער האט באנקראטירט.

פאן אזאלכע ארט פרויען זענען דיא, וואס זייערע מאננער געהען פאן היע צוריקק נאך אייראפּא; א זאלכע פרויען טויגען פאר אונז ניט אין ארץ ישראל, זאג זייא [illegible], מרים;

עס געהען אויך פאן היע פיעל ארעמע לייט צוריקק וואס וואללטען היע גוט געקעננט לעבען, אבער, זייא ווילען ניט ארבייטען; זייא ווילען ליעבער אין דער־היים שאכערן, בעטרוגען, בעטעלן, נאר ניט ארבייטען; אויך אזאלכע מענשען בארפען מיר היע ניט, היע קענן מען זייא ניט געברויכען; היע קענן מען נאר געברויכען מענשען וואס ווילען און קאננען ארבייטען! מענשען וואס ווילען עהרליך און רוהיג לעבען! און אזאלכע מענשען קאננען היע זעהר גוט זייער ברוט פערדיענען.

דיא אראבער היע, זענען דיא פריעדליכסטע מענשען אויף דער וועלט; זייא שאטצען און אכטען אונז יודען, און דיא עהרליכען טאנן ביי יודען, האלטען זייא פאר א הייליגען; זייא פרייען זיך אז זייא קאננען זיך יודען עפּעס גוטצליך מאכען; נאטירליך: וועלען זייא מיט דיא הייב חייקעלס פון גרוססען בית המדרש און דיא אויפגעבלאזענע איינטעליגענטען קיין שלום האבען; קורץ: דער אראבער היע, איז

א נאטורמענש, אונ ליעבט נאר דאס איינפאכע; דאס: „א דעה אהין, א דעה אהער" איז ניט פאר איהם.

מיט דיא בעדואינען, האבען מיר היע נאר ניט וואס צו טהון; זייא וואהנען אויף יענע זייט ירדן, אין דען גרוסען סטעפ. אונ זייא זענען אויך ניט א צעהנטהייל אזוא געפעהרליך וויא מען בייא אייך מיינט,

אייער „גרוסע וועלט" ברעכט זיך דען קאפ צו וויסען וויא מיין הוט אונ ריימקלייד אויסזעהט? זאג זייא, אז ביידע זענען ניט נאך דער נייעסטע מאדע, דערפאר אבער, שיעסס איך שון אויסגעצייכענט אונ ביים אויסרייטען טראג איך געוועהר; ניט וויל מען דארף עס, נאר וויל עס איז היע אזוא „מאדע"; דוא זעהסט אז מיר האבען היע אויך אונזערע מאדען!

אב מיין רייטפפערד איז איין אראבישעס? איך ווייס עס ניט; אזוא פיעל ווייס איך אבער: אז עס איז ניט פון יענע פערדעלעך אין יונגעלשען גארטען; יעדענפאלס, איז עס א זעהר גוט טהיער אונ איך ליעב עס זעהר, וויל, עס וויל נאר ניט ליידען ווען מען זאלל עס שמייססען. —

מיין העבראיש-לערנען, געהט מיט ריעזענשריט פארווערטס; מיין לעהרער, דער מעכאניקער, לובט מיך זעהר; אך וואס איז דאס פאר א הערליכער יונגער מענש! מיין מאנן ליעבט איהם מיט יעדעם טאג מעהר; אויך זיין שוועסטער איז א פיינגעבילדעטע מאדיל, אונ שאן איז זיא וויא א רוז.

מיר האבען היע איינגעריכט א שול פאר דיא ארבייטערס קינדער; דער מעכאניקער איז דארט לעהרער פאן העבראיש, איך אונ זיין שוועסטער, זענען דארט לעהרערינס פאן פראנצאזיש, רעכנען, געאגראפיע, אונ געשיכטע — אויסשליעסליך יודישע. פארלייפיג; — מיין מאנן איז אינספעקטאר אונ איז זעהר שטרענג געגען אונז; עס איז נאך א לעהרערשטעללע פאקאנט (לעדיג) איך האב אן געשריבען אויף א לעהרערין, וואס איז מיט אללעם עהנליך . . . . צו דיר. —; מיט דעם עקזאמין, ווארטען מיר, ביז מיינע גוטע עלטערן וועללען שון היע זיין; אך, וויא וועללען זיך מיינע גוטע עלטערן פרייען!

עס לעבען יעטצט בייא אונז אכטצעהן פאמיליען, אדער געגען אכציג זעעלען, אונ מיר פוהלען זיך אללע זעהר גליקליך.

מרים! טהייערע מרים! שוועסטער! פרייע דיך מיט מיר! איך בין גליקליך, איך פוהל עפעס אונטער מיין הערץ! . . . . אפשר, א קליין פראפעהטכען (נביא).

לעבע וואהל, זייא גליקליך! טראכטע אונ בערוהיגע דיך גאטט! שרייב באלד וואס מיט דיר וועט פארקומען, דיין
רחל

ארץ ישראל, קאלאניע אהבת אחים, אדר, תרמ . . .

## ברוך צו אלבערט

פריינד אלבערט! איך האב דיין בריעף ערהאלטען אונ איינינע מאל דורכגע-

לֶעזֶען ; אִיךְ הָאבּ אִיהם דַארוּבֶּער עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעלֶעזֶען ; ווייל אִיךְ הָאבּ גֶעוואָללְט װִיסֶען, וויסענשאַפטליכע אוּנְשֶׁענקְט לְּבִּירטְנְם , עֶטְוואַס גֶעפִינֶען וואָ דוּא זאָללְכְט גֶערֶעכְט זַיין , אָבֶּער אוּמְזָאנְסְט , אִיךְ גֶעפִינְן נָאר דָאס אַלְטֶע לִיעדֶעל : אַז דִיר קוּמְמְט דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט , ווייל דוּא בִּיזְט גֶעוואָרֶען אַ אִינְזְשֶׁענִיעֶר ; עֶס אִיז גָאר נִיט דַיין זַאךְ . אוֹבּ דוּא הָאסְט דָאס רֶעכְט עֶס צוּ פָארְדֶערְן אָדֶער נִיט .

אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט , וִויא מַיין גֶעעֶהרְטֶער שְׁווִיעגֶערְפַאטֶער הָאט אַ מָאל עֶרְצֶעהלְט : אַז אִין רוּססְלַאנְד הָאט דֶער קֵייזֶר נִיקָאלַייא פַאר יוּדֶען אֵיינְגֶערִיכְט רַאבִּינֶערְשׁוּלֶען אוּנ אוֹיף דִיא קָאסְטֶען הָאט מֶען גֶעמַאכְט לִיכְטגֶעלְד ; דִיא רֵייכֶע אוּנ אָרֶענְטלִיכֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען מִתְּחִילָּה זֵייעֶרֶע קִינְדֶער נִיט גֶעוואָללְט גֶעבֶּען אִין דִיא רַאבִּינֶערְשׁוּל , אוּנ מֶען הָאט קוים צוּזַאמֶענְגֶענוּמֶען קִינְדֶער יְתוֹמִים , פֶערְוַואהְרְלוֹזְטֶע , וואָס הָאבֶּען צוּ קֵיין זַאךְ גֶעטוֹיגְט ; אָבֶּער קוים אִיז דֶער פֶערְוַואהְרְלָאזְטֶע טוֹיגֶענִיכְטס גֶעוואָרֶען אַ רַאבִּינֶערְשׁוּלֶער פַאר יוּדִישׁ גֶעלְד , הָאט עֶר שׁוֹן גֶעמֵיינְט אַז אַלֶע יוּדֶען זֶענֶען נָאר גֶעבּוֹרֶען פַאר זַייא , אַללֶע מֶאדְלִיךְ זֶענֶען לַהֲלוּטִין נָאר בֶּעשַׁאפֶען גֶעוואָרֶען פַאר זַייא ; װֶוען זַייא זֶענֶען אַרוֹיס פוּן רַאבִּינֶערְשׁוּל אוּנ זֶענֶען אַרַיין אִין אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט , זֶענֶען זַייא גֶעוואָרֶען דֶעם יוּדֶענְטְהוּם דִיא בִּיטֶערְסְטֶע פֵיינְד ; וואָס טְשַׁייט ! פַאר וואָס גִיט מֶען זַייא נִיט אַלֶעס וואָס זַייא דַארְפֶען אִין דִיא אוּנִיוֶוערְזִיטֶעט ? זֶענֶען זַייא גֶעוואָרֶען רַאבִּינֶער , הָאט מֶען אָן זַייא גֶעהַאט , אַז גָאטְט הָאט זִיךְ גֶעמֶאגְט עֶרְבַּארְמֶען ; אִיךְ לֵייגֶען עֶס נִיט : אַז אִיךְ הָאבּ דָאס נִיט זֶעהְר גֶעוואָלְט גְלוֹיבֶּען ; אָבֶּער , יֶעטְצְט , גְלוֹיבּ אִיךְ עֶס . לֵיידֶער ! יָא , ווייל אִיךְ הָאבּ דָאס פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען : אָט , זֶענֶען הִיעֶר צְווִישֶׁען דִיא קָאלָאנִיסְטֶען עֶטְלִיכֶע וואָס זֶענֶען הַאלְבּגֶעבַּאקְקֶענֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע ; וואָס דִיא לֵייט רֶעדֶען זִיךְ נִיט אַללֶעס אַיין ! אָהְן שְׁטִיעפֶּעל וִויא זִיא זֶענֶען אַהֶער גֶעקוּמֶען , חָאטְשׁ עֶס הָאט זַייא קֵיינֶער אַהֶערְגֶעשִׁיקְקְט , אוּנ קֵיינֶער הָאט פָאן הִיעֶר נָאךְ זַייא גֶעשִׁיקְקְט , אִיז אַללֶעס וואָס מֶען גִיט זַייא , פַאר זַייא ווענִיג ; גִיבּ זַייא אַ קָאלָאנִיעֶ , אַללֶעס וואָס מֶען דַארְף דֶערְצוּ , טָא גִיבּ זַייא שׁוֹן אַ קְלוּבּ , שַׁאפְף זַייא פָארְטָאפְּיָאנֶעס אוּנ דַאכֶען צוּם טַאנְצֶען , אוּנ דָאס פָארְדֶערְן זַייא מִיט אַזוֹא אַ הוֹכֶען טָאן , גְלֵייךְ וִויא זַייא וואָללְטֶען אוֹיף דֶעם יוּדֶענְטְהוּם אוֹיף דֶעם אַללֶעם גֶעהַאט װֶעקְסֶעל ; אוֹבֶּערְהוֹפְּט ווִילֶען זַייא : אַז יוּדֶען זָאללֶען זַייא אַללֶעס גֶעבֶּען אָבֶּער נִיט הָאבֶּען דִיא הָעזָה , זַייא עֶפֶּעס צוּ זָאגֶען אַ דֵעָה ; פְרֶעג זַייא : פַאר וואָס קוּמְמְט אַייךְ דָאס אַללֶעס ? נוּא , זַייא װֶעלֶען דִיר עֶנְטְוֶוערְן , מִיר ! מִיר אִינְטֶעלִיגֶענְטֶע ! מִיר זֶענֶען גֶעוועזֶען פָאן דִיא עֶרְסְטֶע וואָס זֶענֶען אַהֶערְגֶעגַאנְגֶען פַאר דִיא אִידֶעעֶ ! אוּנ אָבּ דוּא װֶעסְט זַייא ווייטֶער פְרֶעגֶען : אָבֶּער דִיא גֶעשִׁיכְטֶע עֶרְצֶעהלְט אוּנְז דָאךְ : אַז װֶוען דִיא „בְּנֵי רְאוּבֵן“, „וּבְנֵי גָד“ הָאבֶּען גֶעוואָללְט דָאס שְׁטִיקְקֶעל לַאנְד פָאן יַעְזֵר אוּנ גִּלְעָד , הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעבֶּעטֶען אַז זַייא ווִילֶען פָארְאוֹיס גֶעהְן פַאר דֶעם פָאלְק , אוֹיסְשְׁטֶעללֶען זֵייעֶר בְּרוּסְט גֶעגֶען דִיא פַיילֶען פוּן שׂוֹנֵא , פֶערְזָארְגֶען זֵייעֶרֶע בְּרוּדֶער אוּנ , דֶער נָאךְ עֶרְסְט װֶעללֶען זַייא גֶעהְן אוֹיף זֵייעֶר שְׁטִיקְקֶעל לַאנְד , אוּנ אוֹיפְבּוֹיעֶן װֶעללֶען זַייא זִיךְ דָאס אַלֵיין אוּנ בְּהֵמוֹת הָאבֶּען זַייא

איך איינע, פאר וואס מהוט איהר ניט אויך אזוא? פאר וואס זארגט איהר ניט פרוהער פאר אונזערע ברודער? איהר זארגט דאך גאר פאר זיך? וועללען דיר דיא פאלקסבעגלוקקער פערוואונדערט ענטגעגענווערן „אבער יענע זענע זענען דאך געוועזען אזיאטען אונ מיר! מיר זענען אייראפעאיר, אינטעליגענטען!" עס איז כיט דיר אויך אזוא: דוא מיינסט: אז ווייל דוא ביזט א געבילדעטער מענש, א אינזשעניער, איז שון דיא גאנצע וועלט דיין; אבער דיא וועלט מיינט ניט אזוא, דיא וועלט ווייסט: וויא פיעל א געבילדעטער אינזשעניער איז ווערטה, אונ מעהר וויל זיא פאר איהם ניט געבען:

זאג מיר נאר, אלבערט: ווענן עס וואללט זיך דיר נעמאכט א פארטהיע אזוא א מאדיל וויא כרים, אדער איינע וואס איז ווייט ווענינער ווערטה וויא מרים אונ, וואללט נאר געהאט דיא העלפט וואס מרים'ס הויז אונ ווירטהשאפט איז ווערטה, וואללסט דוא דענן ניט געמיינט אז דוא האסט דאס גרוססע לאז געוואונען? אונ ווארום איז דיר יעטצט ווענינ אזוא איין אויסגעצייכענט קינד וויא מרים איז מיט אזוא א גרוסס הויז אונ מיט אזוא א גרוססע רייכע ווירטהשאפט? איך וויל דיך אבער נאך גאר אנדערס פרעגען: פאר וואס ביזט דוא אזו א שרעקקליכער דעספאט, אז מרים'ס זעעליגער פאטער האט געמוזט זיכערשטעללען זיין איינציג געליעבט קינד פאר א נוטה — פאר דעם ערגסטען פאלל? אדער מיינסט דוא: אז וויל דוא ביזט איין אינזשענייער, האט מרים'ס פאטער ניט געדארפט פערזארגען זיין קינד אונ האט זיא געדארפט בלינד פערטרויען דיינע דעספאטישע האנד? ניין, אלבערט! אזוא ווייט וויל זיך דיא וועלט פון דיא געבילדעטע ניט לאזען קנעכטען! אזוא פיעל וויל זיא זייא ניט טרויען! אונ, דוא זעהסט וואס מרים'ס פאטער האט געטהון אונ ער האט געהאנדעלט וויא איין עהרליכער, געטרייער פאטער דארף האנדעלן.

אבער, איך פרעג דיך, אלבערט: וויא אזוא האלסט דוא דאס פאר א פערברעכען פאן מרים'ס פאטער, וואס ער האט ביי זיין לעבען געהאנדעלט מיט זיין פערמאגען, אזוא וויא ער האט געוואללט, אזוא וויא ער האט פערשטאנען: אז אנדערס דארף ער ניט האנדעלן? אונ, וויא אזוא רעדסט דוא דיר איין אז דאס אללעס איז דיין, וואהרענד מרים אליין איז נאך ניט אין גאנצען דיין? אונ ווענן מרים וועט שון אין גאנצען „דיין" זיין; עס וועט שון זיין נאך דיא חופה, מיינסט דוא: אז מרים וועט שון דאס גאר קיין דעה האבען אובער איהר פערמאגען? אוב אזוא, האט איהר קלוגער, נערעכטער פאטער הונדערט מאל רעכט געהאט וואס ער האט דיר ניט געוואללט זיין עהרליך־פערדיענט פערמאגען, זיין גאנצע ארבייט אונ זארג דורך זיין גאנץ לעבען פערטרויען אונ, פאר וואס שרייבט אונז מרים קיין ווארט אז זיא איז אונצופריעדען פאן איהר פאטערס האנדעלן? נאר, האסט דוא דענן מיט איהר דארובער גערעדט אוב זיא איז צופריעדען אדער אונצופריעדען? איך קענן מיר לייכט פארשטעללען וואס דאס ארעמע מאדיל מוז יעטצט פון דיר ליידען; ארמעס, אונגלוקקליכעס מאדיל!

נָאךְ אֵיינְס: וָוארוּם אָרְגֶעט דִיךְ אַזוֹא:: וָואס דִיר אִיז נִיט שׁוֹן יֶעטְצְט גֶעפַאלֶען דָאס גְרוֹיסֶע פֶערְמֶאגֶען אִין דִיא הֶאנְד? וֵוייסֶען דֶענְן אוּנְזֶערֶע בְּרוּדֶער, וָואס הָאבֶּען אִין וַייטֶער לֶעבֶּען נִיט פֶערְזוּכְט צוּ פֶערְדִינֶען אַ פְרַאנְק, וָואס מֶען הֵייבְּט אָן צוּ טְהוּן מִיט אַזוֹא פִיעל גֶעלְד? אוּנ, פַאר וָואס הַאלְטְסְט דוּא עֶס נִיט פַאר אַ גְלוּקק, וָואס דָאס גְרוֹיסֶע פֶערְמֶאגֶען אִיז אִין זִיכֶערֶע, פְּרַאקְטִישֶׁע הֶאנְד, אוּנ מֶען וֶועט וָוארְטֶען אַז עֶס זָאלל דִיר טְרָאגֶען צִינְזֶען, אַז דוּא זָאלְלְסְט פֶערְזָארְגְט זַיין? דוּא צִיטֶערְסְט גֶעוִויסס: אַז מֶען וֶועט פַאר דֶעם פֶערְמֶאגֶען קוֹיפֶען לַאנְד הִיע אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל! זַייא רוּהִיג! דֶערְצוּ וֶועלל אִיךְ עֶס נִיט לָאזֶען קוּמֶען; אִיךְ וֵוייס גַאנְץ גוּט, וִויא הֵיילִיג דָאס אִיז צוּ פָאלְגֶען דֶען לֶעטְצְטֶען וִוילֶען פוּן אַ גֶעשְׁטָארְבֶּענֶען, אוּנ מִרים'ס וֶועלִיגֶער פָאטֶער הָאט אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ גֶעוָואלְט: אַז מֶען זָאלל פַאר זַיין פֶערְמֶאגֶען הִיע קוֹיפֶען עֶרְד; אָבֶּער אַ פָאלְק, אַ זַאךְ וָואס בֶּערוּהְרְט אַ גַאנְץ פָאלְק אִיז נָאךְ הֵיילִיגֶער אוּנ, אַזוֹא אַ מֶענְשׁ וִויא דוּא, אַז עֶר הָאט הִיע שְׁטֶעקֶען אַ פוּסס אָדֶער אַז עֶר שְׁטֶעקְט נָאר דֶען נָאז אַרֵיין אִיז שׁוֹן אֵיין אוּנְגְלוּקק פַאר דִיא הֵיילִיגֶע זַאךְ; מִיר הָאבֶּען הִיע עֶטְלִיכֶע, אַזָאלְכֶע וִויא דוּא בִּיסְט – נַאטוּרְלִיךְ אַ הוּנְדֶערְטְסְטֶעהֵייל נִיט אַזוֹא גֶעבִּילְדֶעט וִויא דוּא בִּיזְט – אוּנ עֶס אִיז שְׁלֶעכְט פַאר דִיא הֵיילִיגֶע זַאךְ; אִיךְ וָאלְלְט פָארְגֶעשְׁלָאגֶען: אַז מֶען זָאלל זַייא פֶערְזָארְגֶען אִין דֶער שְׁוֵייץ, אִין פְלָארֶענְץ, אִין עֶלְדָארַאדָא, אִין אַרְקַאדֶיע, מֵיינֶעטְוֶועגֶען אִין גַן עֵדֶן אַלֵיין, נָאר אַז מֶען זָאלל זַייא פוּן הִיע לָאז וֶוערֶען; זַייא רוּהִיג! אִיךְ בִּין אוֹיף דֵיין זֵייט, אַז אִיךְ זָאלל דִיךְ מִיט אַ פוּסס, נִיט אַרֵיינְלָאזֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל; נַאטוּרְלִיךְ: אַזוֹא לַאנְג וִויא דוּא וֶועסְט בְּלֵייבֶּען וִויא דוּא בִּיסְט.

מֵיין אָבֶּער, אוּם גָאטֶעס וִוילֶען! נִיט אַז אִיךְ בִּין גֶעגֶען דִיא גֶעבִּילְדֶעטֶע קְלַאססֶע; גָאט בֶּעהוּט! אִיךְ בִּין נָאר גֶעגֶען דִיא גֶעבִּילְדֶעטֶע וָואס מֵיינֶען: אַז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז זֵייעֶר.

אִיךְ הָאלְלְט הוֹךְ גֶעלַאכְט וֶוען אִיךְ הָאב גֶעלֶעזֶען דֵיין לֶעטְצְטֶע וָוארְטֶער וֶועלל אִיךְ דִיא זַאךְ טוּזֶען אַנְדֶערְס אָנְהוֹבֶּען", וִויא מֵיינְסְט דוּא דָאס מִיט דָעם „אַנְדֶערְס אָנְהוֹבֶּען"? מֵיינְסְט דוּא דֶערְמִיט „אַ פְּרָאצֶעס" אָדֶער בֶּעצִיעֶהֶען זִיךְ דִיא וָוארְטֶער אוֹיף מִרים, אוֹיף דִיא פַארְטְהִיע? גֶעוִויסס וָואלְלְט אִיךְ הוֹךְ גֶעלַאכְט, אָבֶּער עֶס אִיז מִיר אַ מִיטְלֵייד מִיט דִיר, מֵיין קַאמֶערַאד; וָוארוּם אִין אֵיינֶעם אָדֶער דֶעם אַנְדֶערְן פַאלל קֶאנְנְסְט דוּא נָאר פֶערְשְׁפִּיעלֶען.

אִיךְ בֶּעט דִיךְ: זַייע נִיט קִינְדִישׁ, מַאךְ זִיךְ נִיט לֶעכֶערְלִיךְ! אוּבֶּערהוֹיפְּט בֶּעט אִיךְ דִיךְ: אַז דוּא זָאלְלְסְט מִרים נִיט קְוֶועלֶען; אִיז זִיא דָאךְ יֶעטְצְט אַזוֹא עֶלֶענְד! הָאט זִיא דָאךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט נָאר דִיךְ!

אִיךְ מֵיין אָבֶּער: אַז דוּא דַארְפְסְט, אַלְס אֶרֶענְטְלִיכֶער מֶענְשׁ, בַּאלְד חֲתוּנָה הָאבֶּען אוּנ פַאר מִרים זַיין אַ פְרֵיינְד אוּנ – מֶעהְר וִויא אַללֶעס – אַ מַאמֶער.

זַייא גְלוּקְלִיךְ אוֹיף דֵיין אַרְט, וִויא עֶס אִיז אִין זַיין אַרְט גְלִיקְלִיךְ דֵיין בְּרוּדֶער

(קאלאגיסטין ה"ב) אריך

## ר' מרדכי צו זיינע קינדער

מיינע זעהר טהייערע, זעהר ליעבע קינדער! געלובט איז גאטט! באלד וועט שון פארקוממען אונזער „פראצעסס", עס איז שון בעשטיממט דער טאג, נאטירליך אויף דעם ערסטען טאג פסח אונ, זייט רוהיג אונ פערזיכערט: אז איך וועלל אייך באלד טעלעגראפהירען מיט וואס דער „פראצעסס" וועט זיך ענדיגען אונ נאטירליך: אז באלד נאך פסח פאהרען מיר צו אייך; איך ווייסס פאן זיכערער קוועללע: אז מען וועט מיך ניט אויפהאלטען, אונ ניט זעטצען אין געפענגניס; עס וועט נאר אבלויפען מיט געלדשטראף; געלובט איז גאטט דערפאר! גלויבט מיר, קינדער: אז איך וואללט צופריעדען געוועזען יעצט צו בעצאהלען צעהן מאל [illegible] פיעל וויא מען וועט מיך שפעטער בעשטראפען, אז מען זאלל מיך שון לאזען אוועקפאהרען צו אייך; אבער וואס קענן „מיין וועללען" העלפען? בין איך דאך געבונדען!

איך האפף: מיר וועללען באלד נאך פסח קאננען אוועקפאהרען צו אייך; ווארום, קוים וועלל איך פערטיג זיין מיט דעם פראצעס, וועט מיר לייכט זיין באלד צו קריעגען א פאסס.

קינדער! וועט איהר דאס גלויבען אז דער אלטער זילבערשמיעד האט יעטצט גרוסס לוסט געקריעגען צו געהן נאך ארץ ישראל? ער, וואס האט אללע מאל געזאגט: אז נאר אפיקורסים, געהען נאך ארץ ישראל, ער — וואס מוז פיער מאל אין יאהר פאהרען צו א צדיק, אט דער אלטער פאנאטיקער איז שון בייא מיר עטליכע מאל געוועזען אונ בעט זיך: אז איך זאלל איהם למען השם אללעס שרייבען וויא עס איז אין ארץ ישראל, ווייל: ער וויל נאר מיר גלויבען; „אבער, ר' זרח בענדעט! וויא וועט איהר, אלטער חסיד געהן נאך ארץ ישראל אז אייער צדיק הייססט ניט אהינגעהן אונ ניט געבען געלד אויף ישוב ארץ ישראל?" האב איך איהם געפרעגט. „הערט איהר, ר' מרדכי, איך האב מיך ארומגעקוקט אונ האב געזעהען אז דאס איז עפע"ם ניט אזוא ריכטיג; נאך ארץ ישראל הייססט ער אמת, ניט געהן, גוט, אבער, וועגן ער איז א צדיק, אונ גאטט ב"ה מוז איהם פאלגען, מא פאר וואס פוהרט ער ניט אויס אז מען זאלל אונס אין רומיניען, ניט אזוא דריקקען?" האט ער מיר געענטפערט אונ, זיינע קליינע אויגעלעך האבען דערבייא געבלינצט וויא פייער; „אונ וואס וועט איהר דארט טהון אהן א צדיק?" האב איך איהם ווייטער געפרעגט אונ האב איהם גוט געקוקט אין דיא אויגען. „ניין, ר' מרדכי, ניין! [illegible] מוז איך שון פאהרען צו איהם, אבער דארט — זאלל מיך גאטט בעהוטען! איך וועלל באנקען נאכט, וואס איך וועלל דיא קאמעדיע פטור ווערען" איז געוועזען זיין ענטפער, איך האב איהם ערקלערט: אז ער איז שון צו אלט אונ צו שוואך צו ערדארבייט, אבער, ער געהט פאן זיין פלאן ניט אוועק, ער זאגט: אז זיינע קינדער וועללען

(קאלאניסטין ת"ב) אללע

אַללֶע כִּיטְגֶעדְן אונ וֶועללֶען גוט אַרְבֵּייטֶען, אונ אַז אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעזָאגְט: אַז זֵיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען פְֿרֶערִינֶע חֲסִידִים, אונ אַזֶאלְכֶע טוֹגֶען נִיט צוּ דִיא קָאלָאנִיזַאצְיֶע, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְווֶערְט, וַוארְפְּט דָאס אַרוֹיס פוּן קָאפּ, ר' מרדכי, מֵיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען אַזֶאלְכֶע חֲסִידִים וִויא אִיהר זֶענְט; זֵייא זֶענֶען נָאר צוּלִיעבּ מִיר גֶעפָאהֶרֶען צוּם צַדִּיק, אונ זֵייא וֶועללֶען מֵיינֶען אַז דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז זֵייעֶר, וֶוענן זֵייא וֶועללֶען דֶערְפּוֹן פְּטוּר וֶוערֶען:

נוּא, קִינְדֶער! הַאלְטֶען מִיר שׁוֹין ב"ה, נִיט וֵוייט מִיט אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל?

אִיהר מוּזְט אַלֵיין פֶערְשְׁטֶעהְן וִויא זֶעהְר עֶס אוּנְז שְׁמֶערְצְט אַז מִיר קֶענֶען אוֹיף פֶּסַח נִיט זֵיין בֵּייא אֵייךְ, אָבֶּער מִיר מוּזֶען גֶעדוּלְדִיג וַוארְטֶען.

וָואס מַאכְט מֶען מִיט דֶער אוּנגְלוּקְלִיכֶע יְתוֹמָה, מרים? וִיא אִיז גֶעפַאללֶען אִין זֶעהְר שְׁלֶעכְטֶע הֶענְד! אִיךְ הָאבּ מוֹרָא: אַז פוּן דֶעם שִׁדוּךְ וֶועט קֵיין גוּטֶס אַרוֹיסקוּמֶען; זִיא קוּמְט יֶעטְצְט גָאר נִיט צוּ אוּנְס.

בְּלֵייבְּט גֶעזוּנְד, קִינְדֶער אונ זֵייט גְלוּקְלִיךְ! גְרִיסְט אַללֶע פוּן אוּנְז. באלד וֶועללֶען מִיר זִיךְ זֶעהֶען.

אֵייעֶר טְרֵייעֶר פָאטֶער אונ גוּטֶע מוּטֶער

מרדכי, דבורה.

. . . ר"ח ניסן תר"ם . . .

## מרים צו רחל

רחלה! מֵיין אֵיינְצִיגֶע שְׁטִיטְצֶע! וִויא גְלוּקְלִיךְ בִּין אִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַלְס פְֿרֵיינְדִין! וָואס וָואלְט אִיךְ אוּנְגְלוּקְלִיכֶע גֶעטְהוּן אָהן דִיר, אָהן דֵיין רַאטְה? דָאס הֵייסְט: דוּא הָאסְט מִיר אֵייגֶענְטְלִיךְ נִיט גֶעוָואלְט, נִיט גֶעקֶענְט רַאטְהֶען, אָבֶּער דֵיין וָוארְט פַאללְט מִיעף אִין הַארְץ, אֶפְפֶענְט דִיא אוֹיגֶען, מַאכְט קְלוּג אונ שְׁטַארְק; יָא, רחלה, אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר שְׁוַואךְ, אִיךְ בִּין שְׁטַארְק, אִיךְ וִויל נִיט מֶעהְר הַאלְטֶען דָאס שְׁטְרִיקְקֶעל אִין טוּיל אונ מִיר אֵיינְבִּילְדֶען אַז אִיךְ בִּין צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ אַ בּוֹים; דָאס זֶענֶען אַללֶעס דֵיינֶע וֶוערְטֶער, אִיךְ הָאבּ זֵייא פֶערְשְׁטַאנְגֶען אונ, זֵייא זֶענֶען בֵּייא מִיר הֵיילִיג!

גוּטֶע רחלה! אוּם אַז דוּא זָאללְסְט רִיכְטִיג וִויסֶען וִויא אִיךְ הַאלְט, וֶועל אִיךְ דִיר עֶרְצֶעהְלֶען: דָאס לֶעצְטֶע גֶעשֶׁפְּרֶעךְ וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט אלבערטן גֶעהַאלְטֶען אונ רוּא וֶועסְט זֶעהֶען אַז דִיא ווירְפֶעל זֶענֶען שׁוֹין גֶעוָוארְפֶען אונ דָאס שְׁפִּיעל אִיז גֶעווינֶען אונ פֶערְשְׁפִּיעלְט צוּזַאמֶען; אִיךְ ווִיל אלבערטען אָבְזָאגֶען אוּבְוָואהְל אִיךְ ווֵייס אַז דָאס הֶערְץ קֶען מִיר דֶערְבֵּייא בְּרֶעכְן; אַךְ! פַאר וָואס לִיעבּ אִיךְ אַזוֹא אלבערטן מִיט מֵיין גַאנְצֶע זֶעעלֶע? אונ עֶר? דֶער שֶׁאוּדְלִיכֶע עֶגָאאִיסְט! עֶר מֵיינְט דָאךְ נָאר מֵיין גֶעלְד; אִיךְ בִּין זֶעהְר אוּנְגְלוּקְלִיךְ, אָבֶּער אִיךְ פוּהְל מִיךְ שְׁטַארְק גֶענוּג דָאס אוּנְגְלוּקק אוֹיסְצוּהַאלְטֶען.

עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעכְטֶען, אִיךְ הָאבּ מִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען מִיט אלבערטן צוּ

(קאלאניסטין ח"ב) שְׁפִּיעלֶען

שְׁפִּילֶען אִין אָפֶּענֶע קָארְטֶען, אַז אִיךְ זָאלל אַיין מָאל ווִיסֶען ווִיא אִיךְ שְׁטֶעהֶע בַּיים איהם; אִיךְ הָאבּ מִיר אָבֶּער פָארְגֶענוּמֶען: מִיט אִיהם וָועדֶר הָאפְפְלִיךְ צוּ זַיין; עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנ, ווִיא דוּא וֶועסְט זֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיךְ דָאסְזֶעלְבֶּע פָארְגֶע־נוּמֶען; עֶר הָאט זֶעהְר פְרֵיינְדְלִיךְ אוֹיסְגֶעזֶעהֶען ווענן עֶר אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען; אוּנ בַּאלְד ווִיא עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט. הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹבֶּען „לִיעבֶּע מאריא! אִיךְ ווִילל דִיר עֶפֶּעס פָארְשְׁלָאגֶען, אוּנ אִיךְ הָאפף: אַז דוּא וֶועסְט גֶערְן אִיךְ מֵיין פָארְשְׁלַאג בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען; אִיךְ מֵיין: אַז דָאס גְלֵייכְסְטֶע, דָאס בֶּעסְטֶע וָואלְט גֶעוֶועזֶען אַז מִיר זָאלְלֶען בַּאלְד חֲתוּנָה הָאבֶּען"

„גֶעווִיסס, אלבערט, וֶועלל אִיךְ גֶערְן אוֹיף דַיין פָארְשְׁלַאג בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען, דוּא זֶעהְסְט דָאךְ: אַז אִיךְ בִּין אַזוֹא עֶלֶענְד אוּנ אַלֵיין".

„גוּט, לִיעבֶּע מאריא · גֶעווִיסס בִּיסְט דוּא יֶעצְט אַלֵיין, אוּנ דוּא הָאסְט קֵיינֶעם אוֹיף דֶער וֶועלְט ווִיא מִיךְ, אַלְלֶע אַנְדֶערֶע זֶענֶען דִיר פְרֶעמְד; אִיךְ וֶועלל דִיךְ בֶּעטֶען: אַז דוּא זָאללְסְט מִיט מִיר גֶעהְן צוּ ה' האנדעלסמאנן".

„וָואס הָאבֶּען מִיר צוּ טְהוּן בַּייא ה' האנדעלסמאנן, אלבערט? הָאט עֶר דֶענְן אַ דֵעה צוּ זָאגֶען, וֶוענן מִיר זָאלְלֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען?"

„נַיין, מאריא, נִיט דֶעסְטְוֶועגֶען ווִילל אִיךְ אַז מִיר זָאלְלֶען אַהִינְגֶעהְן; אִיךְ ווֵייסס גַאנְץ זִיכֶער: אַז בַּאלְד נָאךְ פֶּסַח פָאהְרְט עֶר אַוֶועקק נָאךְ זַיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, ווִילל אִיךְ: אַז מִיר זָאלְלֶען אַהִינְגֶעהְן אָבְּנֶעמֶען אוּנְזֶער פֶערְמֶאגֶען"

„אלבערט, צוּ וָואס דַארְפְסְט דוּא אַזוֹא נֶאטְהִיג דָאס פֶערְמֶאגֶען? אוּנְזֶער דָאס טְרָאגְט אוּנְז 15 טוֹיזֶענְד פְרַאנְק יֶעהְרְלִיךְ, דוּא זֶעהְסְט: אַז צוּם לֶעבֶּען וֶועלְלֶען מִיר הָאבֶּען גֶענוּג"

„מאריא, דוּא רֶעדְסְט ווִיא אַ קִינְד! וָואס גֶעהֶער דָאס אַיינְס צוּם אַנְדֶערֶען? אִיךְ ווִילל: אַז אוּנְזֶער פֶערְמֶאגֶען זָאלל זַיין בַּייא אוּנְז: קוּם, מאריא!"

„נַיין, אלבערט, אִיךְ קֶענן אוּנ וֶועלל מִיט דִיר נִיט גֶעהְן"

„ווִיא הֵייסְסְט דוּא וֶועסְט נִיט גֶעהְן? פַאר וָואס? רֶעד דִיר נָאר נִיט אַיין אַז אִיךְ וֶועלל מִיט דִיר גֶעהְן נָאךְ פאלאסטינא!"

„אִיךְ ווֵייסס, אלבערט: אַז דוּא וֶועסְט נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל נִיט גֶעהְן; אִיךְ הָאבּ עֶס פָאן דִיר נָאךְ נִיט פֶערְלַאנְגְט, אָבֶּער גֶעהְן צוּ ר' מרדכין נָאךְ אוּנְזֶער פֶערְמֶאגֶען קֶענן אִיךְ נִיט"

„ווִיא הֵייסְסְט דוּא קָאנְסְט נִיט? מאריא, אִיךְ ווִילל פָאן דִיר אַזָאלְכֶע ווָארְטֶער גָאר נִיט הֶערֶען!"

„אלבערט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ: זַייא נִיט הֶעפְטִיג! וֶוענֶען אַזוֹא אַיין עֶרְנְסְטֶע זַאךְ מוּז מֶען עֶרְנְסְט אוּנ גֶעלַאסְסֶען רֶעדֶען; אִיךְ קֶענן מִיט דִיר צוּ ר' מרדכין נִיט גֶעהְן אוּבֶּער עֶטְלִיכֶע אוּרְזַאכֶען"

„אה! אורזאכען, דוא האסט אורזאכען! גוט, מאריא, נוא, לאז הערען דיינע אורזאכען!"

„דיא אורזאכען זענען גאנץ איינפאך, אבער זעהר וויכטיג, ווייל ביא מיר איז מיין זעליגען פאטערס ווילען זעהר היילינ אונ, מיין זעליגער פאטער האט, ערסטענס: דיר קיין באאר געלד ניט געוואללט טרויען ביז דוא וועסט האבען א שטעללע; דוא ווייססט: אז ער האט דיר, דיא פופציג טויזענד פראנק וואס ער האט מיר געוואללט געבען נדן אויך ניט געוואללט פרוהער געבען, צווייטענס: האט ער געוואללט: אז מען זאלל פאר זיין פערמאגען קויפען פאר אונז ערד אין ארץ ישראל, אונ געוויסס האט ער דאס אובער דעם געוואללט, אום אז עס זאללען ביא אונז, וויא ביא ר' מרדכין, קאננען לעבען עטליכע יודישע אונגלוקקליכע פאמיליען 3, איז דאס ביא מיר א קאלטע בערעכנונג: דיא באנק וועט מיר צאהלען פאר מיין געלד 5 פראצענט, האלט איך עס פאר עהרליכער, אז מען זאלל פאר דעם געלד אין פאלאסטינא קויפען ערד אונ עס צוטהיילען אונזערע ארעמע ברודער, אז זייא זאללען דאס זאכט אויסצאהלען מיט עבען אזויא פיעל פראצענט אונ זייא זאללען דורך אונז קאננען עהרליך אונ רוהיג לעבען אונ 4, וועט אונזער געהן צו ר' מרדכין ניט העלפען, ווייל ער וועט אונז דאס געלד ניט ארויסגעבען; ער וועט אויך וויססען וועלכע היילינע זאך מיין זעליגער פאטער האט איהם פערטרויט".

„אבער איך וועלל איהם צווינגען אז ער זאלל אונז אונזער פערמאגען ארויסגעבען!"

„אלבערט, דאס ביזט דוא ניט אים שטאנד, דאס זענען מיר ביידע ניט אים שטאנד!"

„אבער, דוא וועסט דאך מיט מיר געהן צו איהם?"
„ניין!"
„איז דאס דיין פעסטער ענטשלוסס?"
„געוויסס!"

ער איז אוועקגעגאנגען באז, ער האט זיך מיט מיר ניט פעראבשיעדעט, אונ איז ביז יעטצט נאך ניט געוועזען ביא מיר; אבער עס קראנקט מיך ניט וואס ער קוממט ניט; איך וואללט צופריעדען געוועזען אז ער זאלל שוין גאר צו מיר ניט קוממען, אפשר, וועלל איך אן איהם, מיט דער צייט, פערגעססען.

דוא זעהסט, גוטע רחלה, אז איך האב דאס שפיעל פערלארען אונ דאך האב איך פיעל געוואנגען! ווייסס איך דאך יעטצט געטויא, זעה איך דאך מיט אפפענע אויגען: אז ביא איהם איז דיא הויפטזאך מיין פערמאגען! אונ ווער ווייסס, וויא ער וואללט געגען מיר געהאנדעלט שפעטער, ווענן עס וואללט איהם געלינגען דאס פערמאגען אין דיא האנד צו קריעגען? דענן הויפטצוועקק וואללט ער ערדייכט אונ צו וואס וואללט ער דאמאלס געבראפט דיא מיטטעל?

(קלאניסטין ח"ב)

דיר, נוטע רחלה, האב איך צו דאנקען וואס איך לאז מיך ניט פאן אלבערטן מיט דיא פוסס טרעטען! דוא האסט מיר געגעבען מוטה אונ קראפט פעסט צו זיין ביא דעם שווערען קאמפף! אונ א שווערער קאמפף איז דאס; אבער דוא זעהסט אז עס האלט ביים ברוך, אונ איך וועלל שטעהן פעסט, איך וועלל ניט נאכגעבען.

ערבארם דיך אונ ראטה מיר: וויא זאלל איך ווייטער האנדלען? העלף אין דיא גרעססטע נוטה

דיין מרים

.. 12 אפריל . . . 188

## דעפעשע. ר׳ מרדכי צו זיינע קינדער

„קינדער! דען פראצעס געוואונען, נור פונפטויזענד פראנק שטראף בעצאהלט מרדכי״.

* * *

איך מוז יעטצט וויעדער אנהויבען מיין געשיכטע ווייטער „צו ערצאהלען״, ווארום פאן דיא בלויסע בריעף וועט עס מיינע געעהרטע לעזער שווער זיין ריכטיג צו פערשטעהן דען גאנצען, ריכטיגען גאנג פון מיין ערצאהלונג.

מרים׳ס בריעף האט רחלה׳ן זעהר געשמערצט; זיא האט גוט געקענט א מאדעלס הערץ, זיא האט גוט געוואוסט וואס דאס הייסט ביא א מאדעל: זיך אבזאגען פאן ליעבע; זיא האט גוט געקענט דיא מאגנעטישע קראפט וואס ציעהט א מאדעל צו דעם יונגען מענש וואס זיא ליעבט דאס ערסטע מאל אין איהר לעבען, זיא האט גוט געדענקט: וויא וייט איהר הערץ איז געוועזען צערריסען דאמאלס, ווען זיא האט זיך געוואללט אבזאגען פאן איהר ברוך; נאך דערצו האט זיא געקענט מרים׳ס שוואכען חאראקטער אונ, איז דאך מרים גאר אליין אהן מוטטער, דיא איינציגע אויף דער וועלט וואס איז אים שטאנד, דען ברעננענדען שמערץ ביא איהר קינד אין אזוא א נוטה, אביססעל צו שטיללען! רחלה האט זיך יעטצט פארגעווארפען: אז זיא נאר זיא איז אין דעם אללעם שולד; צו וואס האט זיא מרים׳ן געאפפענט דיא אויגען? פאר וואס האט זיא מרים׳ן ניט געלאזט אין איהר אונשולד געהן איהר וועג? ווער וויים, אפשר, וואללט אלבערט געגען איהר ניט אזוא שלעכט געוועזען וויא מען מיינט? אפשר, וואללט מרים, מיט איהר געדולדיגעם חאראקטער אללעס ערטראגען אונ זיא וואללט גאר ניט געפוהלט: אז זיא ליידט; רחלהן האט זיך געדאכט: אז זיא האט אונרעכט געהאנדעלט, זיא האט אייגענטליך געדארפט מרים׳ן ראטהען: זיך פעסט צו האלטען אן אלבערט׳ן; דאס חאט זיא שרעקליך געקוואלט! זיא האט זיך וועגען דעם בעראטהען מיט ברוך׳ן אונ עס איז געבליעבען אז זיא זאלל איהר שיקקען פאלגענדע דעפעשע.

(קאלאניסטען ח״ב) מרים

## דעפּעשע, רחלה אן מרים.

„מרים! זייא נים אַבּעראַיילט מיט אלבערט צו ברעכען, עס איז קיין קינדער־שפּיעל; וואס פּאַרקאָמען ווירד טעלעגראַפירע באַלד דיינער, רחלה".

## דעפּעשע, ר' מרדכי צו זיינע קינדער.

„קינדער! פּאַסס בעקאָממען, מאָרגען פּעררייזען וויר צו איך. מרדכי"

ר' מרדכים רייזע נאָך ארץ ישראל, האָט נים ווענינ גערודער געמאַכט איין שטאָדט; אפשר, וואָללט עס גאָר שטילל אָבּגעלויפען, האָט מען דאָך שון, זייט באַלד אַ יאָהר, געוואוסט: אַז ער פאָהרט נאָך ארץ ישראל! אָבער דער „פּראַצעסס"! אַללע אין שטאָדט זענען שרעקליך געשפּאַננט געוועזען צו וויסען וויא דער פּראָצעס וועט זיך אויסלאָזען אונ, עס איז צווישען יודען אין גאַנצען שטאָדט געוועזען אַ פּערשטאַרטער פּסח, וואָס דער עהרליכער ר' מרדכי אונ דיא אובּריגע יודען האָבען געזעסען אין יו"ט געמוזט, וויא דער פּערברעכער זיצען אויף דיא זונדערבּאַנק, אונ דער הערר אַבּעראַקאַנדאָקטאָר איז געשטאַנען שטאָלץ. האָט זיך געקלאָגט זיינע לאַנגע וואָכען אונ איז געוועזען דער קלאָגער געגען דיא וואָס ער האָט אַזוא אונגערעכט, אַזוא שענדליך, אַזוא מאָרדעריש בעהאַנדעלט; אונ וויא טרויריג איז דאָס געוועזען צו הערען: אַז דעם יוד וואָס דער אַבּעראַקאַנדוקטאָר האָט אַזוא פורכטערליך געשלאָגען האָט מען פּערמשפּט אויף פיער יאָהר אַררעסטאַנטסקי ראָטע, דיא אובּריגע עטליכע יודען — צו פּיער אונ צו זעקס חדשים געפענגניסס אונ ר' מרדכין — ווייל ער איז געוועזען דער ערסטער וואָס האָט פּראָטעסטירט־צו פונפצוואַנציג רובּעל שטראָף; אונ, דאָס האָבען אַללע געוואוסט; אַז, ווען מען וואָללט ר' מרדכין נים געקעננט אין גאַנצען שטאָדט פּאַר דעם רוהיגסטען, עהרליכסטען אונ בעסטען מאַנן אונ, ווען ר' מרדכי וואָללט ניט פאַן אַללע זייטען געזאָרגט אונ געאַרבּייט, וואָללט ער אַ סך אַרגער אַרוים; דאָס אַללעס האָט דיא יודישע וועלט אין שטאָדט זעהר אויפגערעגט אונ זייא האָבען זיך וויעדער ערינגערט וויא זייא האַלטען אין רומיניען; וואָללט ניט ר' מרדכי באַלד נאָך פּסח אַוועקגעפאָהרען, וואָללט ער נאָך דאָ געוואָונט האָדש אַ חדש, וואָללט מען דאָס פּערגעסען, וואָס פּערגעסען דענן יודען נים אין אַ חדש; אָבער, ר' מרדכי איז באַלד נאָך פּסח אַוועקגעפאָהרען, דיא מכה איז נאָך פריש געוועזען אונ עס האָט אַללע וועה געטהון, אויסער, עטליכע פאַן דיא „גרוססע וועלט" וואָס קוקען פאַן אַזאַלכע זאַכען אַוועקק אַזוא לאַנג, ביז עס טרעפט זייא אַליין, אונ אויך דאַמאָלס קוועטשען זייא צו דיא אויגען.

דער ערסטער וואָס איז געקוממען צולופען צו ר' מרדכי איז געוועזען אונזער אַלטער ר' זרח בענדעט.

„האַ, ר' מרדכי! וואָס זאָגט איהר דערצו? מיר זעהען גוט אויס אין רומיניען, האָט ער כמעט געשריען.

(קאלאניסטין ח"ב) איך

„איך פערשטעה איך ניט ר׳ זרח בענדעט, איז דען דאס א נייעס? הערט דאס דען ניט, שון גאנצע צעהן יאהר, ביטטערע צעהן יאהר? וואס האט איך דאס דוקא היינט אזוא ערשראקקען? געשעהען דענן ניט בייא אונז; כמעט אללע טאג אזאלכע אונ נאך אומגערעכטערע זאכען, היינט דא אונ מארגען דארט"?

„איהר האט גאנץ רעכט, ר׳ מרדכי! בנאמנות גאנץ רעכט! מיר יודען זענען מאכי בלתר; מיר האבען קאטצענקאפ, מיר פערגעסען באלד וואס מען טהוט אונז, אבער וואס טהוט מען יעמיצט? גיט מיר איין עצה, וואס זאלל איך יעטצט טהון? איהר זעהט דאך אז איך ווילל אויך ענטלויפען"!

„נוא, ווער האלט איך דא? איהר ווייסט גאנץ גוט: אז רומעניען וועט אייך דען וועג ניט פערשטעללען; זעהט איהר דענן ניט אז מען האט מיר באלד געגעבען א פאס אונ איך פאר אוועקק"?

„געדעכט, געדעכט, ר׳ מרדכי, בנאמנות, זעהר געדעכט! איך געה אויך, בנאמנות, איך געה אויך! אבער ר׳ מרדכי, איך ווילל אייך בעטען אז איהר זאללט מיר פאן דארט שרייבען אין א בריעפעל אללעס וואס דארטען טהוט זיך, אונ, וואס הארט אייך, ר׳ מרדכי, איך געה אויך, בנאמנות, איך געה אויך!

„ר׳ זרח בענדעט! איך קענן אייך שון אללעס זאגען: וואס דארט טהוט זיך, מיינע קינדער האבען מיר אללעס געשריעבען, עס איז דארט ב״ה אללעס גוט, אונ, וואס ווילט איהר דענן אייגענטליך וויסען פאן ארץ ישראל"?

„אז דארט איז אללעס גוט ווייס איך, בנאמנות, ר׳ מרדכי, אז איך ווייס; דארוף האב איך א משכון אונזער היילינגע תורה; אונ דיא תורה זאגט דאך: אז דארט רינט האניק אונ מילך! אבער, פערשטעהט איהר מיך, ר׳ מרדכי, איך ווילל: אז איהר זאללט מיר פאן דארט שרייבען א בריעוועל, וואס עס טהוט זיך דארט מיט דיא אפקורסים; מען זאגט: אז זייא פערפיהרען דארט מעשים".

„געהט, געהט, ר׳ זרח בענדעט, וואס האט איהר מורא פאר עטליכע לייכט־זיניגע יונגלעך? האט מען זייא דענן היע וועניג"?

„יא, געדעכט ר׳ מרדכי, בנאמנות אז איהר האט רעכט, אבער דעסטוועגען, פערשטעהט איהר מיך, בעט איך אייך: אז איהר זאללט מיר וועגען דעם שרייבען א בריעוועל, בנאמנות, ר׳ מרדכי, איך בעט אייך".

אונ ר׳ מרדכי האט איהם צוגעזאגט צו שרייבען א בריעף וועגען דיא אפקורסים. אזאלכע יודען וויא ר׳ זרח בענדעט, זענען פיעל געקוממען צו ר׳ מרדכין בעטען זיך, אז ער זאלל זייא פאן דארט שרייבען; זייא האבען עס אויך גאנץ עהרליך געמיינט אז זייא ווילען פאהרען נאך ארץ ישראל; אבער, ביז ר׳ מרדכי וועט זייא שרייבען וועט מוזען דויערן א חדש, אונ אפשר מעהר, אונ נאטירליך: אז ביז אהין וועט דיא היטץ אראבפאללען ביז צום געפריערפונקט. — אזוא זענען יודען!

איך מרים איז געקוממען צו ר׳ מרדכין; אבער זיא האט גאר ניט געבעטען

זיא האט גאר גיט געערדט, זיא האט ניט געקענט רעדען, זיא האט גאר געקענט וויינען; דבורה האט זיא געטראסט אזוא ווייט וויא זיא האט געקענט, אבער, עס האט ניט געהאלפען! אויך אויף דעם וואקסאל, איז מרים געוועזען ווען ר׳ מרדכי מיט דבורהן זענען אוועקגעפאהרען, דארט האט זיא נאך שרעקליכער געוויינט אונ ווען ר׳ מרדכי האט איהר געזאגט „מרים, דוא האסט דאך געוואוסט אז מיר פאהרען נאך ארץ ישראל, דוא האסט געוואוסט ווען מיר פאהרען, פאר וואס האסט דוא ניט געזארגט דערפאר אז דוא זאללסט מיט אונז מיטפאהרען? דוא האסט דאך געוואוסט: אז איך קאנן דיר אזוא וואס ניט זאגען"? האט זיא איהם קוים געקאנט ענטווערן „איך וועלל קומען צו אייך ר׳ מרדכי אבער... איך קענן נאך ניט.

* *

*

אם מייסטען האט ר׳ מרדכים אוועקפאהרען בעאונרוהיגט אלבערט׳ן; ער האט וועניגסטענס אזוא פיעל פערשטאנגען: אז, אזוא באלד ר׳ מרדכי וועט אוועקפאהרען וועט ער שוין אזוא געשווינד מרים׳ס פערמאגען ניט קריעגען אין דיא האנד; ער האט געפרענט פראקטישע מענשען, יוריסטען, אונ זייא האבען איהם ערקלערט: אז ער קענן זיך דערצו גאר ניט העלפען; אז מרים קענן אויך דער־צו ניט העלפען; ווייסס מען דאך ניט אמאל אוב עס איז דא א טעסטאמענט (צוואה)! יא, מען ווייסס דאך ניט אמאל אויב עס איז דא פון ר׳ מרדכי׳ן א דא־קומענט, אוב אונ וויעפיעל ער האט פון מרים׳ס פאטער גענומען געלד אונ דאס האט איהם שרעקליך ערבימטערט אונ ער איז צו מרים׳ן גאנצע פיער טאג ניט גענאנגען,

ער איז אבער דיא פיער טאג ניט ליידיג געגאנגען; ער האט אנגעהובען אפטער אונ לאנגער צו זיטצען בייא זיין אלטע פריינדין, מאדאם רייפראקק; ער האט איהר אללעס ערצאהלט וואס מיט איהם פארגעהט; ער האט איהר ערצאהלט: אז מאריא האט אנגעהובען איהם ניט צו פאלגען, ער האט זיא געבעטען: זיא זאלל מיט איהם געהן צו דעם „אלטען נארר" האנדעלסמאנן, וואס ער האט געוואללט זייער פערמאגען רעטטען אונ, זיא האט ניט געוואללט געהן אונ איז ניט געגאנגען, אונ זיא, מאדאם רייפראקק, האט שיער ערשראקקען געזאגט „פאי"! עס איז א שאנדע, א וואהרער סקאנדאל אז א מאדעל וויא מאריא, אייגענטליך ניט פון א רייך הויז געבארען, איהר פאטער איז א מאל ארעם געוועזען, זאלל אזוא אויפטרעטען געגען אזוא א פיינעם, גאלאנטען יונגען מענש, א אינזשענייער"! אונ אז זיא האט געזעהען וויא אלבערט האט אויף איהרע ווערטער געשוויעגען האט זיא ווייטער געזאגט „זעהען זיא, אלבערט דאווידעסקו אז פאן איילען קוממט קיין מאל עפעס גוטס ארויס! עס האט אונז אללע אויסערארענטליך געקראנקט ווען מיר האבען ערהאלטען דיא בילעטס: אלבערט דאווידעסקו, פערלאבט מיט פרייליין מאריא גאלדגרוב: איך, נוא, איך האב א מאנן, צוואר אלט אונ קראנק אבער איך בין געבונדען, איך מוז ווארטען אונ, זיא ווילען

ניט וואַרטען; אָבער מאַדאַם מילבשנאַבעל! מיינען זיא אז מאדאם מילבשנאבעל איז געגען איהן גלייכגולטיג? ניין, געוויסס ניין! זיא האט מיר ערסט דיא פאריגע וואך געזאגט „מיט אלבערט דאווידעסקו וואללט דיא גראסטע דאמע געקאנט גליקליך זיין, אונ איך ווייס ניט וואס ער האט דא דערזעהען אן דעם מארכען? איין איינפאך, געוועהנליך מאדכען אונ וויא מיר שיינט האט איהר פאטער איהר גאר קיין פערמאגען איבערגעלאזט, דיא גאנצע געשיכטע מיט האנדעלסמאנן איז נאר אויסגעטראכט, דאס האט מריא אליין אויסגעטראכט"; אונ, אז אלבערט האט איהר עפעס, וויא אונטערן נאז געזאגט: אז מאדאם מילבשנאבעל האט איהם קיין מאל געגעבען צו מערקען: אז זיא איז געגען איהם ניט גלייכגולטיג, האט זיא וויא בעליידיגט געזאגט „אלבערט דאווידעסקו! האבען זיא ניט געוואללט אז מאדאם מילבשנאבעל זאלל זיך בייא איהנען בעטען, זאלל איהנען צו דיא פוסס פאללען? פערגעססען זיא ניט אז מאדאם מילבשנאבעל איז א וויטווע, נאך ניט אלט, אונ האט אובער צוויא מילליאן פראנק באאר, אין באנק, אונ האט אובער הונדערטטויזענד פראנק יאהרליך צינזען".

אלבערט, האט אובערהויפט פאן זיך פיעל געהאלטען, אונ האט דער מאדאם רייפראקק געגלויבט יעדעס וואָרט: אז ער דארף ניט מעהר וויא זאגען איין וואָרט אונ מאדאם מילבשנאבעל, דאס הייסט: איהרע צוויא מילליאן פראנק זענען זיין; ער איז געגאנגען צו מאדאם מילבשנאבעל; ער האט זיך רעכט געפרייעט וואס זיא האט איהם זוסס-פריינדליך צוגענוממען אונ זיין פלאן איז פערטיג געוועזען: נאך איז ר' מרדכי ניט אוועקגעפאהרען, מרים'ס וויבען קאראקטער האט ער געקענט, ער האט געוואוסט: אז זיא ליעבט איהם וויא איהר גאנץ לעבען; אונ וויא דער אמת איז, איז איהם דיא יונגע, שאנע, מילדע מרים — אוב זיא האט נאר פערמאגען — דאך ליעבער געוועזען וויא דיא האסליכע הובנאזיגע, פינפאונדרייסיג יאהריגע מאדאם מילבשנאבעל, ווענן זיא זאלל אזוי גאר האבען מעהר געלד; נאר אוב מרים האט ווירקליך קיין געלד, אדער, זיא קאנן איהר פערמאגען ניט באלד קריעגען, ער זאלל ערסט דערנאך מוזען פאהרען נאך פאלעסטינא, נוא....

נאררישער אלבערט דאווידעסקו! וויא קענסט דוא אזוא ווענינ א מאדעל'ס הערץ, אז דאס איז וויא וואקס: גאר אין ווארמע, נאר בייא ווארמע ליעבע איז עס ווייך, צעפליעססט וויא וואססער, אבער אין קעלט, איז דאס הארט וויא שטאל, עס צעשפרינגט אונ לאזט זיך ניט ביינען? וויא ווייססט דוא ניט וואס דאס איז א פרויא פאן פונפאונדרייסיג יאהר וואס האט צוויא מילליאן פראנק. אז וויא האסליכער זיא איז אום אזוא שטאלצער איז זיא, אונ אזאלכע יונגע מענשען וויא דוא ביסט, זענען בייא איהר נאר, וויא עפעס א טיורנור, א מאדע-זאך? וויא פערשטעהסט דוא דאס ניט, אז אזוא א מאדאם רייפראק קענן אוועק פלוידערן צוויא טאג אונ עס זאלל א וואהר וואָרט פון איהר מויל ניט ארויסגעהן? אז זיא האט דיר גערוזט אזוא זאגען פאן מאדאם מילבשנאבעל, ווייל זיא, דיא ניינאונצוואנציג יאהריגע, זאל דיר בעסער פאללען; (קאלאניסטען ח"ב)

פאללען אין דיא אויגען ? זיא האט דיר געמוזט אזוא רעדען פאן דער שאנג׳ע נייגצענ=
יאהריגע מרים, אום זיך ניט צו זעהען אויף דיא צווייטע באנק ?

דאס אללעס האט אלבערט ניט געקעננט, ניט פערשטאנגען אונ האט, זיך פעסט געהאלטען אן זיין פלאן; שפאלץ, אונ אויפגעריכט איז ער ווידער געגאנגען צו מרים, אום איין מאל צו וויססען „וויא ער האלט"; אבער מרים, בלאסס אונ טרויריג, האט איהם ערקלערט: אז זיא איז ניט געזונד אונ קענן היינט פאן קיין ערנסטע זאך רעדען; אזוא איז דאס אויך געוועזען מארגען אונ איבערמארגען; אזוא איז דאס געוועזען ביז נאכדעם וויא ר׳ מרדכי איז אוועקגעפאהרען אונ אלבערט איז נאך ערבימטערטער געווארען, זיין פלאן איז בייא איהם נאך פעסטער געווארען.

מרים׳ן האט רחלה׳ס דעפעשע נאך שטארקער געמאכט; זיא זאגט: אז עס איז קיין קינדערשפיעל „גוא גוט, איך וויל מעהר קיין קינד זיין אונ ניט לאזען מיט מיר טרייבען א קינדערשפיעל" האט זיא צו זיך געזאגט.

עס איז אוועקגעגאנגען באלד א מאנאט, אלבערט איז געקוממען צו מרים. אונ האט זיא געטראפפען מונטער; ער האט נאר ניט לאנג געווארט אונ האט אנגעהויבען צו רעדען צו דער זאך:

„מאריא, עס פרייעט מיך וואס דוא ביזט מונטער, אונ מיר וועללען קאנגען אפפען רעדען; דוא זעהסט: אז אזוא וויא דיא זאך שטעהט, טוג ניט! עס האבען מיר שון מאנכע, פארוואורפע געמאכט, פאר וואס איך האב מיט דיר ניט חתונה, פאר וואס איך לאז דיך יעטצט נאך זיטצען אליין, עס איז ווירקליך צייט אז מען זאלל דיא זאך מאכען אין ארדנונג".

„אז מיר איז ניט גוט אליין צו זיטצען ווייסס איך זעהר גוט, אלבערט; אבער איך ווייסס ניט וואס דוא מיינסט מיט דעם „מאכען אין ארדנונג" דוא זעהסט אז דא איז אללעס אין ארדנונג האט זיא איהם רוהיג געענטווערט.

„זאג מיר, מאריא, בייא דיר איז דא א דאקומענט פון האנדעלסמאנן איבער אונזער פערמאגען" ?

„דאכט זיך אז עס איז עפעס דא פאן איהם א צעטטיל" !

„אויף וויא פיעל איז דער צעטטיל" ?

„גלויב מיר, אלבערט, אז איך ווייסס ניט, איך האב איהם נאך ניט געלעזען".

„זייא אזוא גוט מריא, אונ ווייז מיר איהם".

„אלבערט, איך קענן דיך גאר ניט פערשטעהן; אנגעהויבען האסט דוא: אז דוא ווילסט מיט מיר רעדען וועגען דיא חתונה, אז איך זאלל ניט זיטצען אזוא אליין, אונ יעטצט רעדסט דוא נאר וועגען א דאקומענט, וועגען פערמאגען".

„אבער, מאריא, דוא מוססט דאך פערשטעהן: אז איך האב דאס רעכט צו וועללען וויססען אוב עס איז איבערגעבליעבען פערמאגען אונ וויא פיעל".

„הער, אלבערט, דוא האסט געזאגט: אז דוא ווילסט מיט מיר אפפען רעדען,

נוּא, אִיךְ חִילל עֶס אוֹיךְ; אוּנ אָפְּפֶען גֶערֶעדְט, וֵוייסס אִיךְ נִיט וָואס דוּא אֵייגֶענְטְלִיךְ חִיללְסְט? דֶער וָעעלִיגֶער פָּאטֶער הָאט דִיר גֶעזָאגְט: אַז עֶר וֶועט מִיר גֶעבֶּען פוּנְפְצִיג טוֹיזֶענְד פְּרַאנְק, אוּנ חֲתוּנָה וֶועט עֶר עֶרְסְט מַאכֶען וֶוענן דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַ שְׁטֶעללֶע; הֵיינְט, פֶערְלַאנְג אִיךְ נִיט פָאן דִיר אַז דוּא זָאללְסְט דוּרְכְאוֹיס הָאבֶּען אַ שְׁטֶעללֶע, דָאס הוֹיז אוּנ דִיא גַאנְצֶע וִוירְטְהשַׁאפְט אִיז וֶוערְט דְרֵייא מָאל פוּנְפְצִיגְטוֹיזֶענְד פְרַאנְק אוּנ וָואס ווִילְלְסְט דוּא דֶענן אֵייגֶענְטְלִיךְ נָאךְ? שְׁטֶעלל דִיר פָאר: אַז דֶער וָעעלִיגֶער פָּאטֶער לֶעבְּט נָאךְ.

אָבֶּער, מַאריא, וֵוייסְסְט דוּא דֶענן נִיט, אַז אִיךְ הָאבּ לַאנְג דַארוֹיף נִיט גֶעווָאללְט בֶּעשְׁטֶעהן?

אִיךְ וֵוייסס עֶס. אָבֶּער. דוּא הָאסְט נָאכְגֶעגֶעבֶּען אוּנ בִּיזְט דַארוֹיף בֶּעשְׁטַאנֶען!

אִיךְ בִּין דַארוֹיף בֶּעשְׁטַאנֶען, נָאכְדֶעם וִויא דֵיין פָּאטֶער אִיז קְרַאנְק גֶעוָוארֶען; דֶער דָאקְטָאר הָאט מִיר שׁוֹן דַאמָאלְס גֶעזָאגְט: אַז מֶען קֶענן אִיהם שׁוֹן נִיט רֶעטטֶען; אַז עֶר וֶועט קוֹים נָאךְ אוֹיסְהַאלְטֶען אַ יָאהר, בּערנהארד הָאט עֶס מִיר אוֹיךְ גֶעזָאגְט; פֶערְשְׁטֶעהסט זִיךְ: אַז אוֹיף דֶער אַרְט הָאבּ אִיךְ מִיךְ שׁוֹן נִיט גֶעהַאט אוּם וָואס צוּ דִינְגֶען".

מרים הָאט אִיהם דַארוֹיף נִיט גֶעעֶנְטְוֶוערְט אָבֶּער זִיא הָאט אִיהם אַזוֹא בִּיטֶטער אָנְגֶעקוּקְט, אַז עֶר הָאט אַ בִּיסֶעל אַרָאבְּגֶעלָאזְט דִיא אוֹיגֶען; עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען; אַז עֶר הָאט זִיךְ צוּ פִיעל פֶערְפְּלוֹידֶערְט אוּנ עֶר הָאט עֶס גֶעווָאללְט פֶערְגְלֶעטְטֶען.

מַאריא, דוּא וֵוייסְסְט אַז אִיךְ לִיעבּ דִיךְ, אָבֶּער דוּא מוּסְסְט קֶעננֶען דֶען צֵייטְגֵייסְט; הָאסְט דוּא נָאךְ גֶעהֶערְט, אַז אִין דִיא יֶעטְצִיגֶע צֵייט זָאלל אַזוֹא אַ יוּנְגֶער מֶענְשׁ וִויא אִיךְ, אַ אִינְזְשֶׁענִיעֶר, נֶעמֶען אַ מֵיידִיל אָהן גֶעלְד? אָדֶער, אַז עֶר זָאלל וֶועלֶען דוּלְדֶען אַז מֶען זָאלל אִיהם דָאס גֶעלְד נִיט טְרוֹיעֶן? פֶערְשְׁטֶעהסְט דוּא דֶענן נִיט: אַז אִיךְ הָאבּ גֶעקָאנְט נֶעמֶען אַ פְרוֹיא מִיט פִיעל מֶעהר גֶעלְד אוּנ נָאר אוֹיס לִיעבֶּע צוּ דִיר הָאבּ אִיךְ אוֹיף גֶעלְד נִיט גֶעקוּקְט. אָדֶער...

אלבערט, גֶענוּג! מִיר עֶקֶעלְט דֶער גֶעלְדְשַׁאכֶער; מִיר עֶקֶעלְט צוּ הֶערֶען דָאס וָואס עֶס אִיז קֵיין וַואהר וָוארְט דַארָאן; אָ! אִיךְ זֶעה יֶעטְצְט דִיא גַאנְצֶע גֶעמֵיינְהֵייט, דִיא גַאנְצֶע שֶׁאנְדְלִיכֶע רֶעכְנוּנְג! דוּא הָאסְט אוֹיפְגֶעהֶערְט וֶועגֶען גֶעלְד צוּ שַׁאכֶערן וֵוייל דוּא הָאסְט שְׁפֶּעקוּלִירְט אוֹיף מֵיין עֶהרְלִיכֶען פָּאטֶערְס טוֹדְט; וֵוייל דוּא הָאסְט זִיכֶער גֶערֶעכֶענְט אַז בַּאלְד וֶועט אַללֶעס דֵיין זֵיין; אִיךְ הָאבּ אוֹיף דֵיין גֶעלְד נִיט שְׁפֶּעקוּלִירְט; אִיךְ הָאבּ מִיךְ מִיט דִיר פֶערְלָאבְּט, וֵוייל, אִיךְ לִיעבּ דִיךְ! לֵיידֶער! זֶעה אִיךְ צוּ דֵייטְלִיךְ אַז דוּא בִּיזְט מֵיין לִיעבֶּע נִיט וֶוערְטְה; דָאךְ, אוּם עֶס זָאלל נִיט הֵייסֶען אַז אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר גֶעבְּרָאכֶען, ווִילל אִיךְ מִיךְ אָן דִיר הַאלְטֶען; אָבֶּער, זִיכֶערן מוּז אִיךְ מִיךְ גֶעגֶען דֵיין גֶעלְדְגֵייצְק! יֶעטְצְט הֶער וָואס אִיךְ וֶועלל דִיר זָאגֶען: הֵייַראטְהֶען קָאנְסְט דוּא מִיךְ, אָבֶּער לֶעבֶּען מוּזֶען מִיר נֶעבֶּען ר' מרדכי'ן, נֶעבֶּען רחל'ה'ן אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל! ר' מרדכי אִיז אוּנ בְּלֵייבְּט מֵיין פָאְרְמוּנְד (אָפֶּיעקוּן) אוּנ פָּאטֶער; רחלה אִיז אוּנ בְּלֵייבְּט מֵיין אֵיינְצִיגֶע שְׁוֶועסְטֶער; אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז מֵיין הֵיים אוּנ דוּא! נוּא.

עס ליעגט אין דייגע האנד — דוא קאננסט זיין דיין מאנן, דיין אללעס אויף דער וועלט, אדער — א ווילד פרעמדער"!

„שלאג דיר דאס אויס דעם קאפ, מאריא! דארויס וועט גאר ניט ווערען; דארויס קאנן גאר ניט ווערען"!

„אונ איך זאג דיר, אז אנדערס וועט דאס ניט ווערען".

„מאריא! וועט דאס אנדערס ניט ווערע׳ אזואגאר, ווענן מיר וועללען דיך דארובער מוזען דיא רינגען אומטוישען"?

„געוויסס"! מרים האט אראבגעצוגען איהר פערלאבונגסרינג פאן פינגער, זיא האט איהם אניעדערגעווארפען אויפן טיש, אונ האט זיך אומגעדרעהט ארויסצוגעהן פון צימער.

„מאריא, נאך איין ווארט! — האט אלבערט געשריען — וועט דיך ניט קרענקען ווענן דוא וועסט באלד הערען, אז איך הייראטהע א פרויא מיט א פערמאגען פונף מאל אזוא גרוסס וויא דיינס איז"?

„קרענקען זאלל עס מיך? גאטט בעהוט! פרייען וועלל איך מיך וואס איך בין אזוא א געלדמענש לוז געווארען, אונ טיעף בעדויערען וועלל איך דיא אונגלוקליכע פרויא וואס וועט פערטרויען איהר גלוקק אונ לעבען א מענש אהן א הערץ, וואס זוכט אין דער פרויא נאר איהרע פראנקס; צווישען אונס ביידע איז אללעס אויס!" האט זיא זעהר ביטטער געענטפערט אונ איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

לאנג האט מרים ביא זיך אים צימער יאממערליך געוויינט; לאנג איז זיא ניט אים שטאנד געוועזען איהרע געדאנקען צו זאממעלן; זיא איז געזעססען אין א לעהנשטול וויא צעבראכען, וויא צוזאממענגעפאללען; ערסט נאך עטליכע שעה איז זיא צו זיך געקוממען; זיא איז אויפגעשפרונגען, אונ האט זיך איהר שטירן אונ געזיכט געוואשען מיט קאלטעם וואססער" אזוא, יעטצט איז עס פארביא, דאס שפיעל איז אויסגעשפיעלט — האט זיא צו זיך געזאגט — יא, געוויסס „דאס שפיעל", ווארום מעהר וויא א שפיעל, וויא א געשעפט, איז עס ביא איהם ניט געוועזען; יעטצט איז דאס אויס, אונ איך וועלל איהם רייססען אויס מיין הערץ, אזואגאר, ווענן דאס הערץ זאלל זיך מיטרייססען" זיא איז אריינגעגאנגען אין גאסטצימער, וואו זיא איז פאר עטליכע שעה געזעססען מיט אלבערט'ן וואס זיא האט אזוא געליעבט, וואס זיא ליעבט איינגענטליך נאך אונ, זיא האט אויף דעם טיש געפונען דעם פערלאבונגסרינג וואס זיא האט אלבערט'ן געגעבען ביא דיא פערלאבונג, ער האט איהן דא געלאזט; זיא האט ביטטער געשמייכעלט „אויס! אללעס אויס" האט זיא נאך א מאל צו זיך געזאגט, אונ איהרע אויגען האבען זיך וויעדער געפוללט מיט טהרערען, אבער שון צום לעטצטען מאל אונ ניט אויף לאנג; ראש איז זיא צו געגאנגען צום שרייבטיש, אונ האט געשריעבען א דעפעשע צו איהר רחלה:

## דעפעשע, מרים צו רחלה.

„רחל, יעטצט איז אללעס פארביא! איך בין פרייא, וואס זאלל איך יעטצט טהון? דיינע, מרים".

מרים האט געקלינגעלט, עס איז באלד אריינגעקוממען אין צימער איהר געטרייע שטובענמאדיל; „פאניע! נא, געה באלד אונ בעזארג דיא דעפעשע אונ דאס דארט נעם דיר פאר דיין מוה" האט זיא צו איהר געזאגט, אונ האט איהר געוויזען אויף דעם רינג; דאס קלוגע שטובענמאדיל האט זיא שארף אנגעקוקט, זיא האט אללעס פערשטאנגען; מרים האט איהר קוקק ניט געקענט אויסהאלטען אונ האט זיך אומגעדרעהט „געה פאניע!" האט זיא ווידער צו איהר געזאגט מיט א דערשטיקקטע שטימם; „אונ וויא וועט זיין, ווען ער וועט נאך א מאל קוממען?" האט דאס עהרליכע שטובענמאדיל געפרעגט „וועסט דוא זאגען: אז איך האב געהייסען, מען זאלל איהם ביי אונז מעהר ניט אויפנעממען" האט מרים פעסט געענטווערט; דאס שטובענמאדיל איז באלד געגאנגען, אונ האט הויך געזאגט: געלובט איז גאטט! אבער דען רינג וועלל איך ניט טראגען.

צומארגען האט מרים ערהאלטען א דעפעשע פאן איהר רחלה".

## דעפעשע, רחלה צו מרים.

„מרים! מארגען רייזט מיין מאנן דיך אבצוהאלען, רחלה".

מרים איז אויססערארדענטליך גלוקקליך געוועזען מיט דיא דעפעשע.

* * *

צוייא וואכען שפעטער האט דיא גוטע, געטרייע פאניע ווידער בעזארגט א דעפעשע; עס איז געוועזען פאן ברוך'ן, ער האט זיינע פרויא אונ עלטערן טעלעגראפהירט: אז ער איז גליקקליך אנגעקוממען אויף ארט אונ שטעללע; אבער, אז זיא איז צורוקגעקוממען פון טעלעגראפענביורא האט זיא געזאגט צו מרים „סאמועל, פאר יענע דעפעשע האבען זיא מיך בעלוהנט מיט א זאך וואס איך האב ניט געוואללט אונ וועלל עס קיין מאל נעברויכען, אונ היינט . . . . ." זיא האט געשוויעגען.

„פאניא! דוא ווילסט אז איך זאלל דיך בעלוהנען, גוט, זאג: וואס דארפסט דוא?".

„נעממען זיא מיך מיט! איך וועלל איהן טרייע זיין נאך מעהר וויא איך בין עס היע געוועזען".

„וואהין זאלל איך דיך מיטנעממען, פאניא?"

„סאמועל, איך פערשטעה אללעס. נעממען זיא מיך מיט?"

„גוט. גוט. פאניא".

(קאלאניסטין ח"ב) ברוך

ברוך האט זיך עטליכע שעה אויסגערוהט. און האט מרים'ן געזאגט: אז ער געהט צו זיין אלטען קאמעראד, צו אלבערט'ן, „מרים, זאלל איך אפשר פערזוכען . . ." האט ער זיא אנגעהויבען צו פרעגען אבער זיא האט איהם ניט געלאזט אויסרעדען און ענטפערט, „אום גאטטעס ווילען! ניין, אום קיין פאלל, ניין!" ברוך איז געגאנגען:

אלבערט איז ניט ווייניג ערשטוינט געוועזען וויא ער האט געזעהען ברוך'ן; ער האט אים ערסטען אויגענבליקק ניט אנדערש גערעכענט. וויא: ברוך איז שוין ענטלויפען פון פאלאסטינא, מיט זיין „קאפריזע" ראזאליע, און דעם „אלטען נארר".

„אהא, בארים, אלטער קאמעראד! האט ער זעהר פרעהליך געשריגען — דוא האסט דיך שון אויסגעניכטערט! האסט זיך שון איבערצייגט: אז אזוין איז ניט אייראפא, אז לעבען קענן מען נאר אין אייראפא! און דאס האט דיך געקאסט א יאהר לעבען! בראוואָ! באלד וועלל איך מיט דיר געהן צו דיין פרויא, צו דיין שוואר, איך וועלל זייא פלייסיג פרעגען: וויא פיעל דעו קאפריז האט זייא געקאסט!"

„אלבערט! דוא האסט א ביטטערן טעות! לעבען, לעבט מען אין ארץ ישראל! פרייא און גליקקליך איז מען נאר דארט! איך בין אליין היע, נאר אויף עטליכע טאג, איך בין נאר אהערגעקוממען אום מרים'ן אבצוהאלען, זיא געהט אויך אהין צו אונז"

אלבערט איז בלאסס געווארען; ברוך האט עס בעמערקט און, אום איהם צייט צו לאזען צו זיך צו קוממען, האט ער ארויסגענוממען דען פארטאבאק, האט זיך געדרעהט, א פאפיראס, און האט דען טאבאק געררייכט אלבערטען; מעכאניש האט זיך אלבערט אויך געמאכט א פאפיראס, האט זיא זיך פעררויכט און זעהר געלובט דען טאבאק.

"ביא אונז, אין ארץ ישראל — האט ברוך געזאגט — איז דא פיעל גוטעס און געשמאקקעס! איבערהויפט לעבט מאן ביא אונז זעהר גוט און געשמאקק, מאן ארבייט ביא אונז זעהר גוט און געשמאקק, מאן עסט און שלאפט זעהר געשמאקק און . . . . רוהיג."

„איז דער טורבאן, דיא ברייטע הויזען און דער גרינער שפאנצער ביא אייך אויך גוט און געשמאקק?"

„אלבערט, זייא קיין קינד! דארט איז קיינער געצוואונגען; דארט קענן זיך יעדער קליידען וויא ער וויל, מיר האבען דארט אויך אונזערע פראנק-און טיורקיש-נארען! דער אונטערשייד איז נאר: אז דארט איז דער נארר, „א נארר פאר זיך", ער „מוז" עס ניט זיין צוליעב דעם אנדערן, צוליעב דער „מאדע"; דארט איז איבערהויפט קיין זאך דא וואס מאן „מוז" אויססער וואס מען „מוז" לעבען און, דאס לעבען דארט איז זוסס, זעהר זוסס! אלבערט, אלטער קאמעראד! פאלג מיך און פאהר מיט מיר מיט, אויף מיין רעכנונג, און אוב עס וועט דיר דארט ניט געפעללען, וועלל איך דיך אויף מיין קאסטען אבשיקקען אהער".

„איךְ זָאלל פָּאהְרֶען נָאךְ אַזוֹי! איךְ, אַלְס אִינְזְשֶׁענִיֶער! אונ וָואס זָאלל איךְ דָארְט טְהוּן?"

„איךְ מֵיין, אלבערט: אַז דוא זָאללְסְט אַהִינְפָאהְרֶען וֶוערֶען אַ אִינְזְשֶׁענִיֶער, וָוארום הִיע בִּיזְט דוא עֶס נִיט, הִיע קָאנְנְסְט דוא עֶס נִיט זֵיין, מָאן לָאזְט עֶס דִיךְ נִיט זֵיין; קוּמְם אַהִין, נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אונ, דָארְט וֶועסְט דוא הָאבֶּען אַרְבֵּייט אַלְס אִינְזְשֶׁענִיֶער אונ, גְלוֹיב מִיר, אַז אַלְלֶער יוּדֶען, אויסְשְׁטוּדִירְטֶע, וָואס פֶערְהוּנְגֶערְן הִיע אונ וֶוענֶען פֶערְאַכְט, קֶענֶען דָארְט גְלוּקְקְלִיךְ אונ גֶעשֶׁעטְצְט זֵיין; הֶאר אלבערט! דֶער יָוָואר הָאט זִיךְ פֶערְבוּנְדֶען מִיט עֶטְלִיכֶע אויסְלֶאנְדֶער, אונ עֶר וֶועט בַּאלְד דָארְט בּוֹיֶען גְרוֹסֶע פַאבְּרִיקֶקען; פָאהְר מִיט מִיר מִיט אונ נֶעמם, אַלְס אִינְזְשֶׁענִיֶער, אָן דִיא אַרְבֵּייט, אונ, אִיךְ זָאג דִיר גוּט: אַז דוא וֶועסְט קֵיין מָאל זֵיין אָהן אַרְבֵּייט, דוא קָאנְנְסְט דָארְט בֵּייא דִיא רֶעגִירֶערוּנְג הָאבֶּען דִיא בֶּעסְטֶע שְׁטֶעללֶע".

„אונ אַ טֶהעאַטֶער, וֶועסְט דוא מִיר אויךְ דָארְט קֶענֶנֶען גֶעבֶּען?".

„גֶעוִויסס, אלבערט, וֶועללֶען מִיר דָארְט אֵיינְרִיכְטֶען אַ טֶהעאַטֶער אונ, וֶועלְכֶע אויסְגֶעצֵייכֶענְטֶע שְׁטוּקק וֶועללֶען מִיר דָארְט שְׁפִּיעלֶען! צוּם בֵּייאשְׁפִּיעל: דִיא פֶערְלָארֶענֶע טַאלֶענְטֶע" — וָואס דוא אונ דֵיין גְלֵייכֶען וֶועללֶען דָארְט שְׁפִּיעלֶען דִיא הוֹיפְּט־רָאלֶע — „דִיא וַואהְנְזִינִיגֶע גְרוֹסֶע דַאמֶען" — וָואס אֵייעֶרֶע „גְרוֹסֶע דַאמֶען" וֶועללֶען זֵיין דִיא הֶעלְדִינְנֶען — „דִיא צִיוִוילִיזִירְטֶע אַפְפֶען" „דִיא אִינְטֶעלִיגֶענְטֶע נַארֶען" „דִיא דַאמֶען אוּנְטֶער דֶעם זָאטֶעל" אונ נָאךְ טוֹיזֶענְדֶערְלֵייא עֶהְנְלִיכֶע שְׁטִיקק; דוא זֶעהְסְט: אַז עֶס וֶועט בֵּייא אוּנְז זֶעהְר לוּסְטִיג צוּ גֶעהְן! נוּא אלבערט, פָאהְר מִיט!"

„נֵיין, בערנהארד! איךְ לָאז מִיר קֵיין לוּפְטשְׁלֶאסְסֶער אֵיינְרֶערֶען"

„אָבֶּער, אלבערט, וֶועלְכֶע לוּפְטשְׁלֶאסְסֶער ווִילל אִיךְ דִיר דֶענן אֵיינְרֶעדֶען? דוא הֶערְסְט דָאךְ: אַז אִיךְ ווִילל דִיר גֶעבֶּען אַרְבֵּייט אַלְס אִינְזְשֶׁענִיֶער! עֶס וֶועללֶען נָאךְ פֶערְשִׁיעדֶענֶע קוּנְסְטְלֶער מִיט מִיר מִיטְגֶעהְן אַהִין, ווייל מִיר בּאַרְפֶען זֵייא דָארְט הָאבֶּען".

„אוּמְזָאנְסְט דֵיין אַרְבֵּייט, בערנהארד! אִיךְ בִּין אַ צִיוִוילִיזִירְטֶער מֶענְשׁ אונ ווִילל בְּלֵייבֶּען אִין דִיא צִיוִוילִיזִירְטֶע וֶועלְט"

„אָבֶּער, אלבערט, אִיז דִיא צִיוִוילִיזַאצְיָע — אַזוֹא ווִיא אִיהר הָאט זִיא דָא, אִין רוּמִינְיֶען — וֶוערְטה אַז אִיהר זָאללְט צוּלִיעב אִיהר פֶערְהוּנְגֶערְן אונ זֵיין גֶעפֶּיינִיגְט אונ פֶערְאַכְט?"

פֶערְהוּנְגֶערן! אִיךְ וֶועל פֶערְהוּנְגֶערְן? אִיךְ וָועלל בַּאלְד חַתוּנָה הָאבֶּען מִיט זֶעהְר אַ רֵייכֶע דַאמֶע, אַ מִיללְיָאנֶערִין"

„מִיט אַ מַאדַאם הָאסְט דוא גֶעוָואללְט זָאגֶען, אַה! אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה, מַיינֶעט־וֶועגֶען, וָואוּנְשׁ אִיךְ דִיר גְלוּקק!" בּרוּךְ אִיז אויפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּם אַוֶועקקְגֶעהְן.

„הֶאר, בערנהארד, ווילְלְסְט דוא מִיט מִיר הֵיינְט גֶעהְן אוֹיף „אַיין אָבֶּענְד צוּ מַאדַאם טִילבשנאבעל? עֶס וֶועט דָארְט גֶעטַאנְצְט וֶוערֶען".

„אייך, היע, מוז האבען דיא פאראנטעל געביסען"!

„וואס איז דאס אזאלכעס פאראנטעל, בערנהארד"?

„פאראנטעל, איז א ווארם עהנליך צו א שפין, זיא לעבט אין א געגענד אין איטאליען; זיא איז גיפטיג אונ, וועם זיא בייסט, דער ווערד משוגע אונ טאנצט; אייער פאראנטעל איז נאך ערגער וויא יענע, ווארום: יענע, וועני זיא בייסט, קענן מאן דאס משוגעת אויסהיילען דורך מוזיק אונ; ביי אייך קיטצעלט דיא מוזיק נאך מעהר צום טאנצען; ארמע, פערגיפטעטע מענשען! אדיע" !

* * *

ווענן ברוך איז צוריקגעקוממען פאן אלבערט'ן, האט ער ביי מריםן גע־טראפפען ר' זרח בענדעט'ן; ער איז געקוממען געוואהר ווערען: וואס עס הערט זיך אין ארץ ישראל; ער האט געמיינט: אז ברוך האט איהם מיטגעבראכט א בריעוועל פאן ר' מרדכי; נאטורליך: אז ר' זרח בענדעט איז שון פאר ארץ ישראל ניט אזוא הייסס געוועזען וויא פאר ר' מרדכי'ס אוועקפאהרען; איז דאך שון געוועזען צוויי חדשים נאך ר' מרדכי'ס פראצעס! ער וואללט שון אפשר גאר ניט געוואללט וויססען פאן ארץ ישראל, אבער ער האט חאטש געוואללט הערען וואס עס הערט זיך דארט ווענען „דיא אפיקורסים"; מיט ברוך'ן האט ער וועגען דעם ניט געוואלט רעדען, וויל ער האט ברוך'ן אליין אויך געהאלטען פאר איין אפיקורס „א דאקטאר, איז מסתמא איין אפיקורס גמור" טראכטען זיך געוואהנליך אזאלכע ר' זרח בענדעט'ס מיט חיים חייקעלס; ר' ז"ח בענדעט, וויא ער האט געהערט: אז ר' מרדכי האט איהם ניט געשיקט א בריעוועל, האט ער שון אנגעהובען אויף איהם אויך צו טראכטען „א פנים, אז ער מוז שון אליין אויך זיין א שטיקעל אפיקורס", אבער, וויא ברוך האט איהם ערקלערט: אז ר' מרדכי איז אין גאנצען, פאר זיין, ברוך'ס, אוועקפאהרען, נאר געוועזען עטליכע טאג, אונ זיין אוועקפאהרען איז געוועזען אומגעריכט, איז ביי איהם דער חשד: אז ר' מרדכי איז שון אויך א שטיקעל אפיקורס, אביססעל קאלטער געווארען אונ ער האט געפאלגט ברוך'ס עצה: אז ער זאלל ר' מרדכין מיט א בריעף ערינערען אז ער האט איהם צו געזאגט צו שרייבען; „שאדען קענן דאס ניט, א פאסטמארקע קעט עס מיך ניט קאסטען, אונ מען קאנן ניט וויססען; עס קאנן זיך א מאל מאבען א שטיקעל עסק פון דארט, מיט אתרוגים וכדומה, אונ, מען קענן א מאל דארט דורך איהם האבען א שטיקעל טובה", האט ער צו זיך געזאגט אויף דעם וועג אהיימגעהענדיג, אונ ער האט ווירקליך צו מארגען געבראכט ברוך'ן „א בריעוועל" צו זיין שוואר.

ר' [illegible]כי האט גוט פערשטאנען אן ר' זרח בענדעט'ס בריעף אז ער איז אבגעקוהלט פאר ארץ ישראל; אז – אום איהם רעכט אויפצוווארמען הערצו, דארף ער שרייבען א פרישען, געזונדען קלאפ; ער האט דאס פרוהער אויך געוואוסט (אונ ווער

(קאלאניסטין ת״ב) ווייסם

וַייסס דָאס , לֵייֶדער ! נִיט ?) אָבֶּער עֶר אִיז צוּ גוּט גֶעוֶועזֶען אַז עֶר זָאלל אוֹיף אַ בְּרִיעף נִיט עֶנְטְפֶערְן .

## ר׳ מרדכי צו ר׳ זרח בענדעט .

שלום לידידי ר׳ זרח בענטעד נ״י ! אֵייעֶר בְּרִיעף הָאבּ אִיךְ מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען , אוּנ אִיךְ וַויישׁ גָאר נִיט . וָואס אִיהר ווִילְלְט אַזוֹא דַוְקָא ווִיססֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ מִיט דִיא אַפִּיקוֹרְסִים הִיע ; זָאגְט מִיר , אִיךְ בֶּעט אֵייךְ : פַאר וָואס בֶּעקוּמֶמֶערְט אִיהר אֵייךְ נִיט צוּ וֶועלֶלֶען ווִיססֶען וִויא עֶס הִיע גֶעהט דִיא עֶהרְלִיכֶע קָאלָאנִיסְטֶען וָואס זֶענֶען קֵיין אַפִּיקוֹרְסִים ? הָאט אִיהר דֶענן וֶועניג אַפִּיקוֹרְסִים בֵּייא אֵייךְ אִין גְרוֹססֶען בֵּית הַמֶּדְרָשׁ ? הָאט אִיהר זֵייא וֶועניג צְווִישֶׁען אֵייעֶרֶע חֲסִידִים ? אֵייגֶענְטְלִיךְ , הָאבֶּען מִיר אִין אִירְגֶענְד קֵיין אַפִּיקוֹרְסִים , נִיט הִיע , נִיט צְווִישֶׁען חֲסִידִים אוּנ אֲפִילוּ נִיט צְווִישֶׁען דִיא פָאן דֶעם גְרוֹססֶען בֵּית הַמֶּדְרָשׁ , ווַייל , אוּם צוּ זַיין אֵיין אַפִּיקוֹרֵס , מוּז מֶען דֶערְצוּ זַיין ־ חָכָם , פִילָאזָאף אוּנ אִיבֶּערְהוֹיפְּט אַ מֶענְשׁ וָואס דֶענְקְט ; דִיא אִיבֶּער וָואס מִיר רֶעדֶען פָאן זֵייא , זֶענֶען פְּרָאסְטֶע הוֹלְטַאיֶעס , זֵייא דֶענְקֶען נִיט אוּנ ווִילְלֶען נִיט דֶענְקֶען ; נוּא , טָארֶען מִיר יוֹדֶען שׁוֹן דָאס גָאר נִיט הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע הוֹלְטַאיֶעס ? זָאלל מֶען דָאס גְרוֹבֶּע שֶׁאנֶע הוֹיז אוּנְטֶערְצוּנֶדֶען ווַייל עֶס גֶעפוּנֶען זִיךְ בַּארִינֶען עֶטְלִיכֶע וַואנְצֶען ? זָאגְט מִיר , ר׳ זרח בענדעט , מִיט וָואס זֶענְט אִיהר אֵייגֶענְטְלִיךְ בֶּעססֶער ווִיא דִיא שְׁטֶעקְקֶערְס אוּנ שֶׁאנֶערֶערְס פָאן אַללֶע צֵייטֶען ? זֵייא שְׁרֵייֶען דָאךְ אוֹיךְ : אַז אַללֶע יוֹדֶען זֶענֶען עֶקְסְפְּלָאוַואטָארֶעס , וואוּכֶערֶער , קַאבַּאטְשְׁנִיקֶעס , ווַייל זֵייא זֶעהֶען : אַז עֶס אִיז דָא בֵּייא אוּנְז עֶטְלִיכֶע וואוּכֶערֶער אוּנ עֶקְסְפְּלָאוַואטָארֶעס ? אָדֶער , זֶענֶען דֶענן נֶעבֶּען משֶׁה רַבֵּינוּ וֶועניג הוֹלְטַאיֶעס גֶעוֶועזֶען ? הָאבֶּען מִיר זֵייא , אִין אוּנְזֶערֶע גוּטֶע צֵייטֶען , וֶוענן מִיר הָאבֶּען גֶעהַאט אַ בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּנ סַנְהֶדְרִין , דֶענן וֶועניג גֶעהַאט ? וָואס פַאר אַ גֶעוַואלְט מֶען מַאכְט , וָואס דָא זֶענֶען צְווִישֶׁען דִיא קָאלָאנִיסְטֶען עֶטְלִיכֶע , אַ שְׁטִיקְקְלֶעךְ 7—8 וָואס זֶענֶען אַ בִּיססֶעל לֵייכְטְזִינִיג ! אוּנ פֶערְגֶעסְט נִיט וֶוער זֵייא זֶענֶען : עֶס זֶענֶען נָאךְ פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אִין דִיא „בְּהָלָה״ אַהֶערְגֶעלוֹיפֶען , כִּמְעַט נַאקֶט אוּנ בַּארְפוּסס , נוּא , זֵייא זֶענֶען הִיע גֶעוָוארֶען קָאלָא־נִיסְטֶען ווִיא דִיא אַנְדֶערֶע ; יוֹדֶען הָאבֶּען זֵייא אַזוֹא גֶעשְׁטוּצְט ווִיא דִיא אַנְדֶערֶע אוּנ ; דֶער נָדִיב ! נוּא . עֶר שְׁטוּטְצְט אַללֶע אוּנ שְׁטוּטְצְט מִיט אָפֶפֶענֶע הָאנְד ; וָואללְט אִיהר אֶפְשֶׁר גֶעוָואללְט אַז מֶען זָאלל זֵייא אַללֶע לָאזֶען פֶערְהוּנְגֶערְן ווַייל מֶען וָואללְט גֶע־בַּארְפְט מוֹרָא הָאבֶּען : אֶפְשֶׁר וֶועלֶען צְווִישֶׁען זֵייא זַיין עֶטְלִיכֶע הוֹלְטַאיֶעס ? אָבֶּער זָאגְט מִיר , ר׳ זרח בענדעט , פַאר וָואס זֶענְט אִיהר , וָואס אִיהר מֵיינְט : אַז אִיהר זֶענְט דִיא עֶהרְלִיכֶע יוֹדֶען , וָואס אִיהר מֵיינְט : אַז אִיהר זֶענְט אוּם לוֹיטֶער צִיצִית אוּנ הוֹשַׁעְנוֹת גֶעקְנֶעטֶען , פַאר וָואס זֶענְט אִיהר נִיט בַּאלְד מִתְּחִלָּה אַהֶערְגֶעלָאפֶען צוּ זָארְגֶען דֶערְפַאר : אַז עֶס זָאלֶען קֵיין אַפִּיקוֹרְסִים זִיךְ הִיע בֶּעזֶעצֶען ? מֵיינְט נִיט , אַז אִיהר וֶועט מִיךְ אָבְּנַארֶען מִיט דֶעם וָואס אִיהר וֶועט זָאגֶען : אַז מִיר מוּזֶען וַוארְטֶען

אויף מְשׁוּחִ'ן, אויף אַ „עָנִי רוֹכֵב עַל חֲמוֹר", אִיךְ קֶענן אַזָאלְכֶע תֵּירוּצִים, אוּנ וַוייסס; אַז וֶוענן אִיהר וֶועט הֶערֶען: אַז עֶס שְׁטֶעהט הִיע מִיט דִיא קָאלָאנִיסְטֶען גוּט (אוּנ מִיט גָאטטֶעס הִילְף וֶועט אִיהר דָאס בַּאלְד הֶערֶען!) בַּאמָאלְס וֶועט אִיהר פֶערְגֶעססֶען אָן מְשׁוּחַ'ן, אָהן דֶעם אָרֶעמְמַאנן מִיט דֶעם עֶזֶעל צוּזַאממֶען אוּנ, וֶועט קוּמְמֶען אַהֶער צוּ לויפֶען; אָבֶּער, גְלוֹבְּט מִיר, אַז בַּאמָאלְס וֶועט שׁוֹן צוּ שְׁפֶּעט זַיין; בַּאמָאלְס וֶועט אִיהר שׁוֹן מוּזֶען פַאר עֶרְד בֶּעצָאהלֶען צֶעהן מָאל אַזוֹא טְהֶייעֶר וִויא מֶען הָאט זִיא גֶעקֶאנְנְט מִתְּחִילָה קוֹיפֶען; אָבֶער, אִיהר זֶענְט שׁוֹן אֵיינְמָאל אַזוֹא! אִיהר הָאט לִיעבּ צוּ קוּמְמֶען צוּם גֶעַרֵייטֶען, אִיהר הָאט לִיעבּ זִיךְ צוּ נֶעמְמֶען צוּ דֶעם וָואס אֵייעֶר שְׁכֵן טְהוּט אוּנ מַאכְט גוּט דֶערְמִיט!

עֶס אִיז בֶּאֱמֶת הִיע וֶועגֶען דִיא אַפִּיקוֹרְסִים גָאר קֵיין סַכָּנָה נִיט, עֶס אִיז בֶּאֱמֶת דָא עֶטְלִיכֶע יוּנְגֶע מֶענְשְׁלִיךְ וָואס מֶען רוּפְט דָאס בֵּייא אֵייךְ „פָאן דִיא הֵיינְטִיגֶע וֶועלְט" זַייא זֶענֶען בֶּאֱמֶת קֵיין גְרוֹססֶע עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען; אָבֶּער דֶערְפַאר זֶענֶען זַייא גְרוֹססֶע עֶהְרְלִיכֶע לֵייט אוּנ גוּטֶע קָאלָאנִיסְטֶען נוּא, מַה כּוֹלֵי הַאי? פַאר וָואס פֶערְגִינְט אִיהר אוּנְז קָאלָאנִיסְטֶען נִיט, אַז מִיר זָאללֶען אויךְ הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פֵיינֶע יוּנְגֶען? פַאר וָואס קוּמְט דָאס נָאר אֵייךְ? קֶאנְט אִיהר דֶענן פֶערְלַאנְגֶען: אַז בֵּייא אוּנְז זָאלל זַיין רַק אֶתְרוֹגִים, רַק הַדַסִים, אוּנ עַרְבֵי נַחַל זָאללֶען מִיר שׁוֹן דָאס גָאר נִיט הָאבֶּען? אָבֶּער, זָארְגְט נִיט! עֶס וֶועט קוּמְמֶען אַ צֵייט, וָואס דִיא עֶטְלִיכֶע לֵייבְּטְזוּנגִיגֶע מֶענְשְׁלֶעךְ וֶועללֶען אויךְ קְלוּגֶער וֶוערֶען אוּנ, עַל כָּל פָּנִים, וֶועללֶען מִיר דֶערְפַאר זָארְגֶען אַז זַייעֶע פֵיינֶע יוּנְגֶען זָאללֶען הִיע נִיט צוּקוּמְמֶען, דֶער נָדִיב אַלֵיין וִוילל זַייא הִיע נִיט הָאבֶּען.

בִּכְלַל, שְׁטֶעהֶען דִיא קָאלָאנִיסְטֶען הִיע זֶעהר גוּט; עֶס אִיז שׁוֹן דָא קָאלָאנִיעֶן אוּנ קָאלָאנִיסְטֶען וָואס גֶעמְמֶען שׁוֹן קֵיין שְׁטִיצְטֶע, וַוייל זַייא בַּארְפֶען שׁוֹן ב"ה קֵיינֶעמְס; עֶס אִיז אֱמֶת: אַז עֶס זֶענֶען נָאךְ פִיעלֶע דָא וָואס קֶענְנֶען אָהן שְׁטִיצְטֶע נִיט זַיין, אָבֶּער, עֶס וֶועט דוֹיעֶרן אַ יָאהר אָדֶער צְווַייא אוּנ זַייא וֶועללֶען אויךְ קֵיינֶעמְס נִיט בַּארְפֶען; דֶערְפַאר אָבֶּער, לֶעבֶּען דִיא וָואס בַּארְפֶען שׁוֹן קֵיין שְׁטִיצְטֶע אַ גוּזְמָא בֶּעססֶער, רוּהִיגֶער אוּנ זִיכֶערֶער וִויא בֵּייא אֵייךְ לֶעבְּט דֶער מִילְלְיָאנֶער.

אִיךְ שְׁרֵייבּ אֵייךְ דָאס נִיט, אוּם אֵייךְ צוּ מַאכֶען אַ חֵשֶׁק אַז אִיהר זָאללְט אַהֶער קוּמֶען; אִיךְ וֵויים: אַז אִיהר וֶועט דָאס יֶעטְצְט נִיט טְהוּן; אִיךְ וִוילל נָאר אַז אִיהר זָאללְט וִויססֶען: וָואס פַאר אַ יוֹשֶׁר דָאס אִיז אַז אִיהר זָאללְט דָארְט, וִויא וַוייט מֶאגְלִיךְ גֶעלְד זַאממֶעלן, דִיא קָאלָאנָאזַאצְיֶע צוּ פֶערְגְרֶעססֶערן אוּנ, עֶס וֶועט אֵייבִּיג בְּלֵייבֶּען אַ גְרוֹססֶער פְלֶעקק אויף יוּדֶען, וָואס זַיא ווִוילֶען גָאר נִיט טְהוּן פַאר דִיא הֵיילִיגֶע זַאךְ פָאן „יוּדֶען קָאלָאנִיזִירֶען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל".

אִיהר זֶעהט ר' זרח בענדעט: אַז אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה אֵייךְ, דֶעסְטְוֶועגֶען זָאג אִיךְ אֵייךְ צוּ, אַז אִיךְ וֶועלל אֵייךְ עֶנְטְוֶוערן יֶעדֶעס מָאל וֶוענן אִיהר וֶועט מִיר שְׁרֵייבֶּען אוּנ שְׁרֵייבֶּען וֶועלל אִיךְ אֵייךְ אַללֶע מָאל דֶען אֱמֶת.

ידידו מרדכי יאהרען

(קאלאניסטין ה"ב)

ארץ ישראל, קאלאניע אהבת אחים תרם... ציון.

* * *

יאהרען קוממען, יאהרען פערגעהן! עס איז פארביי געגאנגען מעהר זיא א יאהר וויא מרים איז געוועזען אין ארץ ישראל ביי ר׳ מרדכין אין הויז, אונ זיא האט געשריעגען חי וקים: אז עס איז קיין גראססער פערגניגען אויף דער וועלט פארהאנדען וויא זיך צו שפיעלען מיט רחלה׳ס „קליינע פראפהעטכען״ אדער צו געבען אונטערריכט די קאלאניסטענס מאדליך אין די שולע, אונ ניט איין ווארט האט מען זיא געהערט רעדען פאן אלבערטן.

יאהרען קוממען, יאהרען פערגעהן, אונ אין א יאהר פערגעססען די ר׳ זרח בענדעטלעך להלוטין אן ישוב ארץ ישראל; אבער די ר׳ זרח בענדעטלעך קוממען אויך אונ פערגעהן אונ עס ווערען קוממען קלוגערע, עהרליכערע יודען וואס וועללען די היילינע אידעע פערשטעהן אונ וועללען זיא אויספיהרען.

יאהרען קוממען, יאהרען פערגעהן! אין א יאהר, קריעגט מרים איין אנדערן חתן אונ די אלטע וואונד ווערט פערהיילט; אין א יאהר — וועט מאדאם מילבער שנאבעל אלטער, מאגערע אונ שטאלצער אונ, איין ארעמען אינזשעניער וויל זיא בכן ניט נעממען אפילו ווען ער קאנן אזוי גוט טאנצען וויא אלבערט; אין א יאהר — איז מאדאם רייפראקקס מאנן, אמת, נאך קראנקער געווארען, ער האט נאך מעהר געקראצט, אונ געהוסט, אונ האט רק ניט געוואללט צוליעב טהון זיין ווייב אונ שטארבען; אין א יאהר — זענען די רייכע עלטערן קלוג גענוג געווארען אום צו פערשטעהן: אז א יודישער אינזשעניער אין רומיניען איז גראד וויא יענער בן עהן, וואס מען זעטצט דען זונדיגען אריין אין א פאסס שפיריטוס, ווא עס שווימען ארום הערינג, אבער דעם קאפ בונד מען אים אזוא צו אז ער זאלל זיך ניט קעננען איינביינען; אין די האנד מאכט מען איהם לאבער אז עס זאלל זיך אין זייא קיין בראנטוויין ניט קעננען האלטען; אז ער זאלל מיט זייא ניט קעננען טרינקען; הערינג קענן ער עססען אונ עססט אבער א ביססעל משקה, א חוה! נים א טראפ! דער אינזשעניער אין רומיניען האט אויך חשק צו אללעם, ער האט אויך געגעססען די אריסטאקראטישע, שטארקגעזאלצענע הערינג, אבער די האנד אונ דער קאפ איז איהם געבונדען אונ, עס איז ווייט בעססער זיין יונגע טאכטער אוועקקצונעבען פאר א סוחר אדער פאר א גוטען בעל מלאכה; אין א יאהר — ווערדט איין אלבערט דאווידעסקו אויך א ביססעל קלוגער אונ פערשטעהט: אז פאן שטונדענגעבען קענן מען קיין גרוססער אריסטאקראט זיין אונ, אז אין צעריססענע שטיעוועל איז שלעכט צו טאנצען.

עס איז געוועזען אין א זעהר שאנעם פאראבענד, אללע קאללאניסטען זענען פאר דער ארבייט שון צוזאממען געזעססען מיט ר׳ מרדכים פאמיליע אויף דעם גרוססען ריינען הויף, מרים האט קלאוויר געשפיעלט אונ דער מעבאניקער האט געזונגען, וויא

מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט דִיא פָּאסְט; עֶס אִיז גֶעוועזֶען אַ בְּרִיעף צוּ ברוך׳ן; ברוך הָאט בֶּעטְרַאכְט דִיא אַדְרֶעססֶע אוּנ הָאט עֶפֶּעס צוּזַאמֶען גֶעצָאגֶען דֶען שְׁטִירְן, עֶר הָאט דֶערְקֶענְט דִיא הַאנְדְשְׁרִיפְט; עֶס אִיז גֶעוועזֶען פָאן אלבערט.

## אלבערט אַן ברוך׳ן

קַאמֶערַאר בערנהארד! וֶועסְט דוּא דָאס גְלוֹבֶּען: אַז אִיךְ בִּין עֶרְנְסְט אוּנ פִילִיזָאפִישׁ גֶעוָוארֶען? וֶועסְט דוּא דָאס גְלוֹבֶּען: אַז אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹבֶּען צוּ גְלוֹבֶּען אָן אַלֶלֶעם אַלְטֶען? יָא, אִיךְ, וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר אַ יָאהר אָן גָאר נִיט גֶעגְלוֹבְּט אוּנ גָאר נִיט גֶערֶעכְנְט, גְלוֹבּ אוּנ רֶעכֶנְ הֵיינְט.

זָאג מִיר, בערנהארד! צוּ וָואס הָאבֶּען מִיר, יוּדִישֶׁע יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען אִין דִיא שֹׁנְסְטֶע גֶעשְׁלָאגֶען דִיא בֶּעסְטֶע 12—15 יָאהר פוּן אוּנְזֶער לֶעבֶּען, וֶוענן דָאס הָאט אוּנְז צוּ מֶעהר נִיט גֶענוּטְצְט נָאר, אַז מִיר זָאלְלֶען בְּלֵייבֶּען פֶערְפִּינְסְטֶערְטֶע נַארֶען? צוּ וָואס הָאבֶּען אוּנְז גֶענוּטְצְט דִיא אַלֶלֶע וואהְנְזִינִיגֶע חֲלוֹמוֹת וָואס פֶערְשְׁווִינְדֶען בַּאלְד וִויא מֶען וֶוערְט אַ בִּיסֶעל וַואךְ, וִויא מֶען אֶפְפֶענְט נָאר אַ בִּיסֶעל דִיא אוֹגֶען? וִויא פֶעסְט אוּנ שְׁטֵייף הָאבּ אִיךְ עֶרְסְט פַאר אַ יָאהר גֶעגְלוֹבְּט: אַז דֶער פֶערְשְׁטַאנְד אִיז אַזוֹא גוּט אַ קְרַאפְט וִויא אַלֶלֶע אַנְדֶערֶע קְרֶעפְטֶע, וָואס, וִויא עֶלְטֶער זֵייא וֶוערֶען, וֶוערֶען זֵייא שְׁוַואכֶער, אוּנ יֶעטְצְט, קוֹים בִּין אִיךְ מִיט אֵיין יָאהר עֶלְטֶער גֶעוָוארֶען גְלוֹבּ אִיךְ גַאנְץ זִיכֶער אָן דֶעם וָואס שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעזָאגְט: „בִּישִׁישִׁים חָכְמָה" דָאס הֵייסְט: אִים עֶלְטֶער לֵייגְט דִיא ווֵייזְהֵייט, דִיא חָכְמָה; אִיךְ גְלוֹיבּ: אַז דֶער פֶערְשְׁטַאנְד אִיז גֶאטְלִיךְ אוּנ קָאנן מִיט דֶעם אַלְטֶער נִיט שְׁוַואכֶער נָאר שְׁטַארְקֶער וֶוערֶען; וִויא פֶעסְט אוּנ זִיכֶער הָאבּ אִיךְ גֶעהָאפְּט: אַז דִיא צִיווִילִיזַאצְיֶע, דֶער פְּרָאגְרֶעסס וֶועט דִיא פָאלְקֶער אֶפְפֶענֶען דִיא אוֹגֶען, דֶען פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנ זֵייא וֶועלֶלֶען פֶערְשְׁטֶעהְן: אַז דִיא וֶועלְט הָאט גָאטְט בֶּעשַׁאפֶען, אוּנ אַלֶלֶעם וָואס עֶר הָאט אוֹיף דֶער וֶועלְט גֶעשַׁאפֶען הָאט דָאס רֶעכְט צוּ לֶעבֶּען! יֶעטְצְט, לֵיידֶער! וֶועה אִיךְ צוּ מֵיין שְׁרֶעקְ: אַז דֶער פְּרָאגְרֶעסס הָאט דִיא וֶועלְט גֶעפוּהְרְט צוּ דַארְווִינְס סִיסְטֶעם: אַז דֶעם שְׁטַארְקֶען גֶעהָאר דִיא וָועלְט, אוּנ אַזוֹא וִויא מִיר יוּדֶען זֶענֶען דִיא שְׁוַואכְסְטֶע, דְרוּקְקְט אוּנ פֶערְפָאלְגְט מֶען אוּנְז מִיט יֶעדֶען טָאג מֶעהר; וִויא זִיכֶער אוּנ פֶעסְט הָאבּ אִיךְ גֶעהָאפְּט אוֹיף אַססִימִילַאצְיֶע, אַז אַזוֹא בַּאלְד וִויא מִיר וֶועלֶלֶען אָנְנֶעמֶען דִיא רוּמִינִישֶׁע זִיטְטֶען אוּנ רוּמִינִישֶׁע אַרְט, וֶועט דֶער הַאסס גֶעגֶען אוּנְז פֶערְשְׁווִינְדֶען, הֵיינְט, וֶועה אִיךְ: אַז דָא הַאנְדֶעלְט זִיךְ נִיט אוּם זִיטְטֶען אוּנ בִּילְדוּנְג, עֶס אִיז גַאנְץ גֶענוּג אַ יוּדִישֶׁע נָאז אַז מֶען זָאלל אוּנְז אַרוֹיסְשְׁטוֹססֶען פוּן דִיא בּוּרְגֶערְלִיכֶע גֶעזֶעללְשַׁאפְט, אַז מֶען זָאלל אוּנְז אָבְּזָאגֶען אַלֶלֶע רֶעכְטֶע.

בערנהארד! אִיךְ גְלוֹבּ יֶעטְצְט פֶעסְט אוּנ שְׁטֵייף אָן אַלֶלֶעם אַלְטֶען, אִיךְ גֶעה צוּרוּק צוּם אַלְטֶען. אִיךְ ווִילל צוּרוּקְקְגֶעהְן נָאךְ דֶעם אַלְטֶען פאלאסטינא!

וָואס הָאבּ אִיךְ פַאר אַ יָאהר גֶעוָואלְט פוּן דִיא גֶעטְרֵייעֶ רֵיינֶע זֶעלֶע, מאריא?

פאר וואס האב איך זיא אזוא געקוואלט אונ איהר הערץ צערריםסען? יא, ווארום האב איך, אזוא א גלוקק צווא א שאטץ צו בעזיטצען, פאן מיר געשטוססען? ווארום האב איך געמוזט א יאהר פערליערען אונ אזוא פיעל ביטטערעס אובערטראגען? וועה, וועה! ווארום בין איך ניט מיט דיר פאר א יאהר געגאנגען נאך פאלאסטינא?

בערנהארד, איך וויל צו אייך קוממען! איך וויל אויף מיינע קניעען פאן מאריא אום פערצייהונג בעטען! איך וויל איהר הערץ מיר צורוקקגעווינגען! איך וויל פאן היינט איהר שקלאף זיין! איך האפף אז איך האב איהר הערץ נאך ניט אין גאנצען פערלארען!

בערנהארד! קאמעראד! דוא מוזט מיר פערהעלפען אז איך זאלל קאננען צו אייך קוממען! דוא מוזט מיר פערהעלפען אז מאריא זאלל מיר געהארען! דוא מוזט זארגען צו רעטטען פאן עלענד אונ אונטערגאנג דיין אלטען קאמעראד אלבערט

. . : יוניא . . . 188

„נא רחלה, לעז, עס איז פאן א בעקאנטען; עס שיינט אז דארט געהט עס מיט יעדען טאג ערגער צו" האט ברוך געזאגט צו זיין ווייב אונ האט איהר געגעבען אלבערטס בריעף צו לעזען אונ, נאכדעם וויא רחלה האט איהם דורכגעלייענט, האבען זייא אבגעוואַרט ביז זייא זענען מיט זייערע עלטערן אליין געוועזען, אונ נאכדעם וויא זייא האבען זיך אללע דיא זאך גענויא אובערלעגט, איז געבליעבען אז ברוך זאלל ענטווערן, אט וואס:

ברוך צו אלבערט

פריינד אלבערט! דיין בריעף. פולל טרויער אונ יאממער האט אונז, וועניגסטענס, דערמיט ערפרייעט: וואס מיר האבען געזעהען: אז אים פערלויף פאן א יאהר האסט דוא דיא אויגען געאפפענט אונ געזעהען וויא פונסטער הערום אייך איז; לעבען דאך צעהנטויזענדע פון אונזערע ברודער בייא אייך, זייא ערלעבען א האהעס אלטער אונ בלייבען בלינד! דאך איז עס טרויריג גענוג וועגן ניט דיין אייגענער פערשטאנד נאר דיא אונגלוקקליכע אומשטאנדע האבען דיר דיא אויגען אויפגעריססען; אבער אזוא זענען אייטמאל אונזערע ברודער! זייא געפאללען זיך אין זייער בארענשלאף אונ נאר אויסערארדענטליכע צופאלל, גוטע קלאפ, וועקקען זייא אביססעל אויף, אז זייא זאללען זיך אביססעל הודרען, אביססעל ארומדרעהען אויף דיא אנדערע זייט אונ... ווייטער שלאפען; נאר, וויא עס שון איז, איך שיקק דיר איין אנווייזונג אויף פונפהונדערט פראנק, קומם באלד אהער, פריינד, אונ הייב אן צו לעבען.

וואס דוא שרייבסט אונ האפפסט וועגען מרים, מוזט דוא דיר דיא געדאנקען אין גאנצען ארויסשלאגען פון קאפ; דוא מוססט וויססען: אז א ריין מאדכענהערץ איז וויא א לאטאריע־לאאז, נאר איין מאל קענן מען דערמיט געווינגען, קוים אבער איז עס אויסגעשפיעלט איז אללעס פערלארען; מרים'ס הערץ האסט דוא אויף אימטער

פֶערְלָארֶען, וִיא הָאט אִיהר הַאנְד אוּנ אִיהר הֶערְץ אַיין אַנְדֶערֶן גֶעשֶׁענְקְט; אַ יוּנְגֶער מֶעכַאנִיקֶער אִיז אַזוֹא גְלוּקְלִיךְ גֶעוֶועזֶען דֶען גְרוֹסֶען שַׁאטְץ צוּ עֶרְוֶוערְבֶּען אוּנ נָאךְ פַאר דַיין אַהֶערְקוּמֶען, וֶועט זִיא אִיהם אִין נַאנְצֶען גֶעהֶערֶען; עֶס אִיז בַּייא זַייא אִין צְוַוייא וָואכֶען חֲתוּנָה.

אָבֶער לָאז דִיךְ דָאס נִיט אָבְּהַאלְטֶען פָאן אַהֶערְקוּמֶען; דֶענְן, אוֹבְּוָואהְל דוּא הָאסְט מִרים פֶערְלָארֶען וֶועסְט דוּא אָבֶּער הִיא גֶעפִינֶען דָאס לֶעבֶּען; דוּא וֶועסְט הִיא גֶעפִינֶען דַיינֶע פֶערְלָארֶענֶע 12—15 יָאהְר, וַוייל הִיא וֶועסְט דוּא קֶאנֶען גֶע־בְּרוֹיכֶען דַיין קוּנְסְט אוּנ פֶעהִיגְקֵייט אַלְס אוּנְזֶשֶׁענִיעֶר, הִיא – וֶועסְט דוּא אָנְהוֹיבֶּען צוּ פוּהְלֶען אַז דוּא בִּיסְט אַ מֶענְשׁ אוּנ, אוֹב דוּא בִּיסְט הֵיירַאטְהסלוּסְטִיג, וֶועסְט דוּא הִיא אוֹיךְ גֶעפִינֶען אַיין אָרֶענְטְלִיךְ מֶאדִיל; נַאטוּרְלִיךְ: אָהְנֶע אַייעֶר אָבְּנָאמֶע, דֶעם גָאלְדֶענֶען קַאלְב פָאן פוּנְפְצִיגְטוֹיזֶענְד פְרַאנְק; אָבֶּער הִיא הָאט מֶאן אַלְלֶערְלֵייא אָבְּגֶעטֶער נִיט נֶאטְהִיג, הִיא קֶענְן מֶאן נָאר דֶען אַלְטֶען גָאט יִשְׂרָאֵלְ'ס!

דָאךְ מוּז אִיךְ דִיר רַאטְהֶען, אוֹב דוּא וֶועסְט אַהֶערְקוּמֶען, זָאלְלְסְט דוּא דָארְט לָאזֶען אַללֶע דוּממְהֵייטֶען וָואס שְׁפִּיעלֶען בַּייא אַייךְ אַזוֹא אַ גְרוֹסֶע רָאללֶע; הִיא – אִין דֶעם לַאנְד פָאן טוּגֶענְד, אוּנ דֶעם וֶוענ פָאן רֵיינֶע זִיטְטֶען, קֶאנְנֶען זַייא נִיט מֶעהְר יוּטְצֶען נָאר דֶערְצוּ: זִיךְ לֶאכֶערְלִיךְ צוּ מַאכֶען; הִיא – וֶועט מֶען אַזָאלְכֶע מַארַאם רייפראקק אוּנ מילבשנאבעל נָאר אוֹיסְלַאכֶען אוּנ פֶערְאַכְטֶען.

אלבערט – אָדֶער, רִיכְטִיגֶער גֶעזָאגְט, אַבָּא! אַייל אַהֶער צוּ קָאמֶען צוּם וָואהְרֶען לֶעבֶּען!

מִיר אַללֶע וֶועלְלֶען דִיךְ בְּרוּדֶערְלִיךְ אוֹיפְנֶעמֶען אוּנ אִיךְ הָאפְף: אַז דוּא וֶועסְט צוּפְרִיעדֶען זַיין מִיט דַיין אַלְטֶען קַאמֶעראַד
ברוך

ארץ ישראל, קאלאניע אהבת אחים, אב, תרם.

אלבערט אִיז אַזוֹא אוֹיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוֶועזֶען פָאן דִיא פוּנְפְהוּנְדֶערְט פְרַאנְק, אַז עֶר הָאט מִתְּחִילָה נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס אִין בְּרִיעף שְׁטֶעהְט; עֶרְסְט, אַז עֶר הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעל בֶּערוּהִיגְט, הָאט עֶר אִיהם נָאךְ אַ מָאל דוּרְכְגֶעלֶעזֶען; עֶס אִיז אִיהם אַללֶעס זֶעהְר גוּט גֶעפֶאללֶען, נָאר אוֹיבֶּער צְוַוייא זַאכֶען הָאט עֶר זִיךְ אַבִּיסֶעל פֶערְ־קְרִימְט, 1 וָואס עֶר הָאט מִרים'ן פֶערְלָארֶען אוּנ, 2 וָואס ברוך הֵייסְט אִיהם וִויעדֶער צוּרִיקְנֶעמֶען זַיין אַלְטֶען יוּדִישֶׁען נָאמֶען „אבא“

* * *

אלבערט, אַלְס בַּאלַאנְטֶער יוּנְגֶער מֶענְשׁ, הָאט נִיט גֶעקָאנְט אַוֶועקְפָאהְרֶען פְרוּהֶער וִויא עֶר זָאלל זִיךְ פֶערְאַבְּשִׁיעדֶען מִיט זַיינֶע בֶּעקַאנְטֶע „גְרוֹסֶע דַאמֶען“; זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַללֶע שְׁטַארְק גֶעוְואוּנְדֶערְט, וִויא אַזוֹא אִיהם הָאט גֶעקֶאנְט קוּמֶען אַזוֹא אַ „אוּנְזִינְן“ אוֹיף דִיא גֶעדַאנְקֶען, אָבֶער, עֶר הָאט מִיט זַייא קֵיין גְרוֹסֶע פַאקְסֶען גֶעמַאכְט; מַארַאם מילבשנאבעל הָאט אִיהם אַזוֹא גָאר דֵייטְלִיךְ גֶענוּג גֶעזָאגְט: אַז עֶס

בערוהֶרט זיא זעהר אונאַנגֶענֶעהם" וואס זיא פֶערלִיערט אָן אִיהם אַזוא אֵיין עֶדֶעלֶען פְרֵיינְד, אַזוא אַ גוּטֶען גֶעזֶעללְשַׁאפְטֶער אונ דֶען אויפְגֶעצֵייכֶענְסְטֶען טֶאנְצֶער; אָבֶּער וֵייטֶער אִיז זִיא נִיט גֶעגַאנְגֶען, אונ אלבערטען אִיז נִיט שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען פָאן אִיהר אָבְּשִׁיעד צו נֶעמֶען; אָבֶּער אַנְדֶערְס אִיז דָאס צוּגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא קְלֵיינֶע דִיקֶע מַאדַאם רייפראקק; אלבערט אִיז אונפָארְזִיכְטִיג גֶענוּג גֶעוֶועזֶען, בַּאלְד וִויא עֶר אִיז צוּ אִיהר גֶעקוּמֶען אַרוֹיסְצוּפְּלַאצֶען מִיט דֶער שְׁרֶעקְקְלִיכֶע בְּשׂוֹרָה „מַאדַאם רייפראקק אִיךְ גֶעה נָאךְ פאלאסטינא" אונ עֶס הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעהֶערְט אַ שְׁרֶעקְקְלִיכֶער קְווִיטְשׁ פוּן מַאדַאם רייפראקק; בַּאלְד הָאט זִיא קוים וואס מֶען הָאט גֶעהֶערְט גֶעבֶּעטֶען קַאלְט וַואכְסֶער, אונ בַּאלְד הָאט זִיא גֶעצִיטֶערְט אִין שְׁפַּאזְמֶען; אַ בִּיסֶעל שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיא זִיךְ גֶעקְלָאגְט אויף מִיגְרֶענֶע, עֶס הָאט נִיט וֶועניג מוּה גֶעקָאסְט אלבערטען דִיא אַללֶע שְׁוֶואכֶען אונ קְרַאנְקְהַייטֶען צוּ שְׁטִיללֶען, זִיא צוּ בֶּערוּהִיגֶען; עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַוֶועקְגֶעהְן, אָבֶּער זִיא הָאט זִיךְ בֵּייא אִיהם גֶעבֶּעטֶען: אלבערט, גוּטֶער אלבערט אוּם גָאטֶעס ווִיללֶען לָאזֶען זִיא מִיךְ נִיט אַלֵיין! אונ אלבערט הָאט גֶעפָאלְגְט אונ אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען.

קוים הָאט זִיךְ מַאדַאם רייפראקק אַ בִּיסֶעל בֶּערוּהִיגְט, הָאט זִיא אלבערטען אָנְגֶעקוּקְט; אִין אִיהר בְּלִיקק אִיז גֶעלֶעגֶען אַ שְׁרֶעקְקְלִיכֶער פָארְוָואוּרְף, אָבֶּער עֶר הָאט אִיהם אויסְגֶעהַאלְטֶען.

עֶטְלִיכֶע מִינוּט זֶענֶען זֵייא שְׁטִילל בֵּייאַזַאמֶען גֶעזֶעסֶען. מַאדַאם רייפראקק הָאט אָפְּט גֶעשְׁמֶעקְט צוּ אַ פְלָאשְׁעל רִיעכֶעסֶענְס אָבֶּער זִיא הָאט קֵיין וָוארְט גֶערֶעדְט; מִיט אַ מָאל הָאט מֶען גֶעהֶערְט אוּבֶּער עֶטְלִיכֶע צִימֶער אִיהר מַאנן שְׁרֶעקְקְלִיךְ הוּסְטֶען; זִיא הָאט לִיעבֶּער אלבערט ווִיא אונגְלוּקְלִיךְ אִיךְ בִּין" הָאט מַאדַאם רייפראקק גֶעזָאגְט אונ ווִיעדֶער אָנְגֶעהוֹבֶּען צוּ שְׁמֶעקֶען צוּ אִיהר רִיעכֶעסֶענְס; אלבערט הָאט גֶעשְׁוִויגֶען „אונ אִין אַזוא אֵיין אונגְלוּקק ווִיללֶען זִיא מִיךְ אַלֵיין לָאזֶען, אלבערט?" הָאט זִיא אִיהם גֶעפְרֶעגְט.

„מַאדַאם רייפראקק! אִיךְ קֶאנן נִיט אַנְדֶערְס"

„שׁוֹן ווִיעדֶער מִיט אִיהר „מַאדַאם רייפראקק, מַאדַאם רייפראקק!" ווִייסֶען זִיא דֶענן נִיט אַז אִיךְ הֵייס פַאר אִיהן נַאטַאלְיָא?"

„וָועהֶען זִיא דֶענן אָבֶּער נִיט אַז דִיא זַאכֶען הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעאֶנְדֶערְט? אִיךְ מוּז אַוֶועקק ווֵייט פָאן דַאנֶען, אונ, אַללֶע אִינְטִימֶע פֶערְהֶעלְטְנִיסֶע מוּזֶען צְווִישֶׁען אוּנְז אויפְהֶערֶען"

„אונ אִיךְ הָאב מִיךְ אַזוא גֶעפְרֵייעט מִיט דֶעם גֶעדַאנְק: אַז זִיא וֶועללֶען זִיךְ בַּאלְד עֶרְסְט אָנְהוֹבֶּען! אָבֶּער, זָאגֶען זִיא מִיר אלבערט, וָואס צְווִינְגְט אִיהן אַז זִיא זָאללֶען פָאן הִיע אַוֶועקְגֶעהְן אונ נָאךְ דֶערְצוּ נָאךְ דֶעם ווִיסְטֶען אַזִיֶען, נָאךְ פאלאסטינא?"

„וָועהֶען זִיא, מַאדַאם, אִיךְ ווִילל מִיט אִיהן אָפֶען רֶעדֶען; אִיךְ זֶעה דֶייטְלִיךְ אַז

אַז איך האָבּ אויף היעֶ גאָר ניט צו האָפּפֶען"

„זיא מיינֶען: ווייל דיא דומטאָ, שטאָלצע מילבּשנאבּעל מאַכט פאָן זיך אַזוֹא אַ וועזען?"

„ניין, מאַדאם, ניט דאָס מיין איך! איך בּין אינזשענער. איך האָבּ דאַרויף מיינע בּעסטע יאָהרען פֶערשוועֶנדעט דאָס פאַך צו ערלערנען אונ היע, זוֹא ווייסטען עס גוט, קאָנן איך דערפֿון קיין געבּרויך מאַכען; דאָרט אָבּער, קאָנן איך זיין אַ אינזשענער, אונ נאָך דערצו, ווייסס איך יעטצט זעהר זיכער: אַז עס איז דאָרט גאָר ניט אַזוֹא ווייסט ווִיא מען מיינט היע".

„אָבּער, ליעבּער אלבּערט, וואָס דאַרפעֶן זיא דענן דורכאוים צו זיין אינזשענער? וואַרטען זיא נאָך אַבּיססעל, אונ זיא וועללען לעבּען וויא אַ גראַף, אונ וועללען לאַבּען פאָן אַללע אינזשענערן; אלבּערט! מיין פריינד! נאָר אַבּיססעל געדולד! זיא זעהען: אַז לאַנג קאָנן עס ניט דויערן".

„אָבּער, זעהען זיא דענן ניט אַז איך געה דערווייל הערום לעדיג?"

„דאַראָן זענען זיא אַליין שולדיג! ווער הייסט איהן זיין אַזוֹא שטאָלץ? בּין איך דענן ניט רייך גענוג? נעממען זיא בּייא מיר געלד ווען אונ וויא פיעל זיא דאַרפען, נאָר וואַרטען זיא, נאָר לאָזען זיא מיך ניט אַליין".

„איך דאַנק איהן זעהר, אָבּער איך קאָנן דאַרויף ניט איינגעהן; איך מוז מיין פאַך געבּרויכען ווענן איך זאָלל אַזוֹאנאָר האָבּען מילליאָנען, אונ היע קענן איך עס ניט; זיא זעהען: אַז איך מוז פאָן היע אַוועקקנעהן!"

„גוט, אלבּערט, איך געה מיט איהן מיט, וואו זיא מיך נאָר וועללען אַהינ־פוהרען, נאָר וואַרטען זיא נאָך! איך האָבּ געכטען גערעדט מיט דעם דאָקטאָר, האָט ער"...

„פאַרדאָן, מאַדאם! יעטצט, אונ בּאַלד מוז איך אַוועקפאָהרען, ווייל עס מאַכט זיך מיר יעטצט דאָרט אַ גוטע שטעללע אַלס אינזשענער".

„וועללען זיא שון געוויסס גאָר אין גאַנצען אָן מיר פערגעססען"?

„גאָטט בּעהוט, מאַדאם"!

„וועללען זיא מיר אָפט שרייבּען, אלבּערט?"

„דאָס קענן איך איהן ניט פערשפּרעכען; איך פאָהר יעטצט צו אַ נייע געשאַפט, אַ נייע, גרוססע פאַבּריקק אויפצובּויען, ווער ווייסס, אוב איך וועלל צייט האָבּען אָפט צו שרייבּען".

„אונ ווענן איך וועלל וועללען צו איהן שרייבּען, וואָהין, אויף וועלכע אַדרעססע זאָלל איך איהן שרייבּען אַז דער בּריעף זאָלל איהן זיכער אָנקוממען?"

„אויף ה' האַנדעלסמאַננס אַדרעססע".

מאַדאַם רייפראקק האָט ווידער געטוזט שמעקקען צום ריעכעססענס, אונ האָט

עמליכע מינוט ניט געקאננט רעדען אונ נאכדעם וויא זיא האט נאך טיעף געזיפצט האט זיא געזאגט.

„אזוא! פאהרען זיא דאס צו איהר מאריא! פאר וואס האבען זיא מיר דאס ניט באלד געזאגט? צו וואס האבען זיא מיך געדארפט אזוא לאנג קוועלען? אך איהר פאלשע, פאלשע מאננער.

„מאדאם! זיא מאגען מיר גלויבען, אז מאריא געהער שון איינעם אנדערן".

„אה, אזוא! נוא גוט, גוט, איך גלויב איהן מיין פריינד! אבער, אלבערט. ויא זעהט עס בייא איהן אויס מיט פינאנצען? האבען זיא גענוג געלד אויף רייזע־קאסטען"?

„איך דאנק איהן, מאדאם! איך וועלל דורכקוממען".

„ניין, ניין, מיין ליעבער אלבערט! איך וויל: אז זיא זאללען פאהרען בעקוועם" — זיא איז צו געלויפען צו א קאמאד, האט אויפגעריסען א שופלאד אונ האט ארויסגענוממען דרייא הונדערט פראנק — „אלבערט. זיא זאללען מיר ניט אבזאגען, איך וויל קיין ווארט הערען, נעממען זיא" — זיא האט איהם דאס געלד געשטעקט אין בוזענטאש — „אזוא, אזוא איז גוט, יעטצט בין איך רוהיג; אונ ווען פאהרען זיא"?

„מארגען, מאדאם"!

„נישט, דאס ווארט מאדאם! יעטצט בין איך פאר איהן ווידער נאטאליע".

„יא נאטאליע! מארגען מוז איך שון לייder פערהייזען".

„אך, אלבערט! שיידען טהוט וועה"!

„איך ווייס עס וויא עס מיר וועה טהוט, נאטהאליע".

„אבער זיא קוממען דאך נאך מארגען פאן מיר אבשיעד נעממען"!

„לייder! מוז איך מיך איהן היינט שון פעראבשיעדען, ווייל איך האב מארגען נאך פיעל צו טהון, איך האב נאך מיין פאסס ניט".

„נוא, דערפאר מוזען זיא היינט לאנגער בייא מיר זיטצען"

וארם איז געוועזען דער אבשיעד, רעכט ווארם זענען געוועזען דיא טהרעהנען וואס נאטהאליע האט פערגאססען, רעכט טיעף אונ שווער האט אלבערט עטליכע מאל געזיפצט, אבער נאך טיעפער האט ער אפגעזיפצט ווען ער איז שון געוועזען אויפן גאסס אונ, האט געאטהמעט דיא פרייע לופט; ער האט גאנץ געדאנקט אז ער איז דיא טראגי־קאמישע קאמעדיע איבערגעקוממען.

* * *

א האלב יאהר שפעטער האט פאניא (יעטצט פיינעלע) וואס איז מיט מרים מיט־געגאנגען נאך ארץ ישראל, געזאגט צו אסתר, דעם קאלאניסטס פרויא, „וואס זאגט איהר דערצו אסתר קרון, דער אינזשעניער שרגא'ט זיך דאך צו אונזער חיה, דעם מעכאניקערס שוועסטער, אונזער מרים'ס שוואגערין"?

(קאלאניסטין ח"ב) פעלובט

„גֶעלוֹבְּט אִיז גָאטט! זִיא אִיז דָאךְ אַזוֹא אַ וואוֹל מֶעדֶעל, זִיא אִיז טַאקִי וֶוערְטְה אַז זִיא זָאלל קְרִיעגֶען אַ גוּטֶען מַאנן, עֶפֶּעס אַ קַאטָאוֶועס וָואס דָאס אִיז פַאר אַ חאוֹל מֶאדֶעל!

„אסתּר קְרוֹן! אִיהר זָאגְט נָאךְ: גֶעלוֹבְּט אִיז גָאטט? דָאס הֵייסְט פַאר אוּנְזֶער חַיָה׳לה אַ וואוֹלֶער מַאנן?

„גֶעוִויס, גֶעלוֹבְּט אִיז גָאטט! דוּא וֵוייסְט דָאךְ: אַז היה׳לה אִיז אַ אָרֶעם מֶאדִיל, אוּנ עֶר אִיז אַ אִינְזְשֶׁענִיעֶר אוּנ, נָאךְ דֶערְצוּ אַזוֹא אַ שֶׁאנֶער מֶענְשׁ, טַאקִי גֶעלוֹבְּט אִיז זֵיין הֵיילִיגֶער נָאמֶען!

„גֶעוַואלְט, אסתּר קְרוֹן; פֶערְזוּנְדִיגְט זִיךְ נִיט! וָואס וֵוייסְט אִיהר וָואס דָאס אִיז פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ! וֵוייסְט אִיהר דֶענן נִיט אַז דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען מַאדַאם מרים׳ס חָתָן? וֵוייסְט אִיהר דֶענן נִיט וָואס דָאס אִיז פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ? וֵוייסְט אִיהר דֶענן נִיט וִויא פִיעל טְהְרֶערֶען מַאדַאם מרים הָאט אוֹיבֶּער דֶעם שְׁלֶעכְטֶען מֶענְשׁ פֶערְגָאסֶען?

„גֶעה גֶעה, גָאלְדֶענֶע פֵייגֶעלֶע! מִסְתָּמָא אִיז דֶער שִׁדוּךְ מִיט מַאדַאם מרים נִיט בֶּעשֶׁערְט גֶעוֶועזֶען אוּנ דָא קָאנן זֵיין אִיז דָאס יָא אַ בֶּעשֶׁערְטֶער; עֶס קוּמְט אַלֶעס פָאן זֵיין לִיעבֶּען נָאמֶען.

„אִיךְ הָאבּ טַאקִי אוֹיךְ אַזוֹא גֶעטְרַאכְט, אָבֶּער הַלְוַאי זָאלל פָאן דֶעם שִׁדוּךְ נִיט וֶוערֶען! נָאר אוֹב עֶס זָאלל חַס וְשָׁלוֹם יָא דַארוֹיס וֶוערֶען, וֶועט אִיהר זֶעהֶען אַז זִיא וֶועט פַאר אִיהם שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנְגְלִיקְלִיךְ זֵיין; וָואס וֵוייסְט אִיהר וָואס פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ דָאס אִיז! הֶערְט אִיהר, אסתּר קְרוֹן, אִיךְ בִּין בְּוַדַאי אַ אָרֶעם מֶאדִיל, דֶעסְטְ־וֶועגֶען וָואלְט אִיךְ אִיהם נִיט גֶעוָואלְט.

„גֶעה קִינְד, דוּא הָאסְט נִיט וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען!

„וֶוענן אִיהר וָואלְט אִיהם אַזוֹא גוּט גֶעקֶענְט וִויא אִיךְ, וָואלְט אִיהר נִיט אַזוֹא גֶעזָאגְט; עֶס אִיז פְּרָאסְט גֶעוֶועזֶען אַ צַעַר צוּצוּקוּקֶען; אִיךְ הָאבּ שׁוֹן גֶעוואוּסְט; וֶוענן דֶער שְׁלֶעכְטֶער מֶענְשׁ אִיז נָאר צוּ אוּנְז גֶעקוּמֶען, וֶועט מַאמְזֶעל מרים שׁוֹן וֵויינֶען עֶטְלִיכֶע שָׁעָה.

„דָאס אִיז אַלְס גֶעוֶועזֶען דָארְט, דָארְט אִיז עֶפֶּעס אַ שְׁלִימְמַזָלְדִיגֶע מְדִינָה, אַז מִיר יוּדֶען הָאבֶּען אִימֶער פַאר וָואס צוּ וֵויינֶען.

„הֶערְט, אסתּר קְרוֹן, זָאלל אִיךְ וֶועגֶען דֶעם רֶעדֶען מִיט מַאדַאם מרים.

„נֵיין, פֵייגֶעלֶע, זָאלל דִיךְ גָאטט בֶּעהוּטֶען! וָואס אִיז, אוּנְזֶער חיה׳לה אִיז עֶפֶּעס אַ קְלֵיין מֶאדֶעל אַז דוּא דַארְפְסְט אִיהר הוּטֶען? אוּנ מַאדַאם מרים הָאט דָאס נִיט קֵיין אוֹגֶען אַז זִיא דַארְף דִיךְ צוּ הָאבֶּען פַאר אַיין אַכְטוּנְגְגֶעבֶּערִין? הֵיינְט מַאדַאם רחל׳ה! וֵוייסְט דוּא דֶענן נִיט אַז היה׳לה אִיז בֵּייא אִיהר דִיא אוֹגֶען אִין קָאפּ?

„אִיךְ הָאבּ טַאקִי אוֹיךְ אַזוֹא גֶעטְרַאכְט; אָבֶּער אסתּר קְרוֹן, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז זִיא וֶועט פַאר אִיהם הָאבֶּען אַ שְׁלֶעכְט לֶעבֶּען.

„אונ איך זאג דיר, פייגעלע: אז דו האסט ניט וואס מורא צו האבען, הלואי זאלל דער שדוך נאר ווערען פאן זיין ליעבען נאמען; גלוב מיר, אז ווענן ער זאלל דארט זיין געוועזען דער ארגסטער מענש פאן דער וועלט, וועט ער היע נעבען ר׳ מרדכין, אונ נעבען מאדאם רחלה ווערען וויא א מלאך; זעהסט דו דענן ניט אז עס איז היע ניט דא אין דיא גאנצע קאלאניע איין איינציגער וואס מען זאלל אויף איהם קעננען זאגען א באז ווארט! דו זעהסט יעטצט מיין בנימין? דארט, אויף דעם דארף, האט זיך געטראפפען אז ער האט זיך מיט מיר צעווארטעלט, אונ היע זייט מיר זענען נעבען ר׳ מרדכין זענען מיר וויא איין נשמה, הלואי בייא דיר געזאגט געווארען"!

הלואי! האט פייגעלע נאכגעזאגט מיט א שווערען זיפץ, מען האט אבער ניט געקעננט פערשטעהן, אוב זיא האט מיט דעם „הלואי" אונ דעם זיפץ געמיינט חיה׳לען אדער זיך.

* * *

א פירטעל יאהר שפעטער האט אינזשעניער אבא געזאגט צום דאקטאר ברוך:

„הער ברוך! וואס געוועזען איז, איז שוין פערבייא אונ, איך זעה יעטצט דייטליך: וואס איך בין געוועזען אונ וואס איך בין יעטצט; דו האסט מיר פערהאלפען לוז צו ווערען פאן רומיניען מיט איהרע פלאגען — דו האסט מיר פערהאלפען אז איך בין לוז געווארען פאן דיא אללע משוגעת׳ן וואס מען רופט דארט „לעבען" — דו האסט מיר צורוקק געגעבען מיינע פערלארענע פונפצעהן יאהר אונ, דו האסט מיך אייגענטליך געמאכט פאר איין אינזשעניער, יעטצט ברוך, לאז מיך ניט שטעהן אין מיטטען; פערהעלף מיר שוין אז איך זאלל אין גאנצען גלוקקליך זיין; איך ליעב חיה׳ן! איך ליעב זיא מיט מיין גאנץ לעבען אונ טראכטען, איך פוהל יעטצט אז איך האב אין מיין לעבען ניט געליעבט; איך בין נאר ווילד געוועזען וויא אללע יונגע מענשען פאן אונזער קלאססע זענען דארט, אבער געליעבט, יענע הייליגע, געטטליכע ליעבע, וואס מאכט דען מענש אזוא גלוקקליך אויף זיין גאנץ לעבען, וואס מאכט דען מענש צום גאנצען מענש, דאס האב איך ביז יעטצט ניט געפוהלט, איך זעה יעטצט: אז איך האב מרים׳ן ניט געליעבט, איך האב נאר געליעבט איהר געלד; ליעבע, ליעב איך טרייע אונ עהרליך חיה׳ן; נוא, ברוך, זייא מיר א ברודער, א פאטער אונ, פערהעלף מיר אז חיה זאלל מיין זיין".

„אבא, דאס וואס דו האסט מיר געזאגט האב איך שוין לאנג בעמערקט אונ בין דערמיט צופריעדען געוועזען; אבער זאג מיר עהרליך, טראכטסט דו ניט וויעדער עפעס וועגען געלד? מיינסט דו ניט, אז ישעיה (דער מעכאניקער), וויל ער האט יעטצט מרים׳ס גרוססע פערמעגען, וועט ער זיין שוועסטער געבען א גרויסע זוממע געלד נדן"?

„נֵיין, נֵיין, ברוךְ, אִיךְ בִּי'ן יֶעטְצְט נִ'ט אַזוֹא גֶעמֵיין! אִיךְ בִּין יֶעטְצְט נִיט אַזוֹא נִיעדְרִיג! אַ מָאל, הָאבּ אִיךְ וִוירְקְלִיךְ שְׁפֶּעקוּלִירְט אוֹיף מרים'ס פֶערְמֶעגֶען, אָבֶּער יֶעטְצְט? זָאלל מִיךְ גָאטט בֶּעהִיטֶען! אִיךְ וֶועלל יֶעטְצְט פָאן מרים'ס גֶעלְד נִיט נֶעמֶען, אַזָאנַאר, וֶוענן מֶען וֶועט מִיר וֶועלֶלען גֶעבֶּען".

„הָאסְט דוּא מִיט חיה'ן וֶועגֶען דֶעם שׁוֹן גֶערֶעדְט? בִּיזְט דוּא מִיט אִיהר שׁוֹן זִיכֶער?"

„נֵיין, ברוךְ, אָבֶּער זִיא וֵוייסס אַז אִיךְ לִיעבּ זִיא, זִיא אִיז דָאךְ אַזוֹא קְלוּג, אִיךְ רֶעכֶען: אַז אִיךְ בִּין אִיהר אוֹיךְ נִיט זֶעהר גְלֵייכְגוּלְטִיג".

„גוּט, אבא, זֶעהר גוּט! אָבֶּער דוּא וֵוייסְסְט דָאךְ אַז מִיר הַאלְטֶען אַללֶע דֶען שְׁוָואר וִויא אַ פָּאטֶער, פְּרוּהֶער מוּז אִיךְ וֶועגֶען דֶעם רֶעדֶען מִיט אִיהם; אָדֶער, אֶפְשֶׁר וִוילְלְסְט דוּא אַז מִיר זָאללֶען בֵּיידֶע צוּ אִיהם גֶעהן אוּנ מִיט אִיהם דַארוּבֶּער רֶעדֶען?"

„מֵיינֶעטְוֶועגֶען, וֶועלל אִיךְ מִיט דִיר מִיטְגֶעהן, וָואס וֶועלל אִיךְ רֶענן נִיט טְהוּן צוּלִיעבּ דֶעם, חיה'ן צוּ בֶּעזִיטְצֶען?"

„גוּט, קוּמם, עֶר אִיז יֶעטְצְט בֵּייא זִיךְ אַלֵיין".

דִיא בֵּיידֶע יוּנְגֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ ר' מרדכין; ברוךְ הָאט אִיהם עֶרְצֶעהלְט וָואס אבא ווִילל; ר' מרדכי הָאט זִיךְ נִיט גֶעוואוּנְדֶערְט אוּנ מִיט דֶעם לִיעבְּלִיכְסְטֶען שְׁמֵייכֶעל פָאן דֶער וֶועלְט הָאט עֶר גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנְגֶען אַז אַזוֹא אִיז דָאס! נוּא, אִיךְ מוּז זֶעהֶען אַז דִיא זַאךְ זָאלל זִיךְ נִיט לַאנְג שְׁלֶעפֶּען; אַהִין אָדֶער אַהֶער! וָוארוּם אַזוֹא לַאנְג ווִיא אֵייךְ, אבא, וֶועט דֶער קָאפּ פֶערְדְרֶעהט זַיין מִיט אַ מֶאדִיל, וֶועט אִיהר מִיר דֶען פְּלַאן פָאן דֶער פַאבְּרִיק נִיט פֶערְטִיג מַאכֶען; עֶס מוּז בַּאלְד וֶוערֶען אַ סוֹף, אָדֶער אַ שִׁדוּךְ אוּנ בַּאלְד חֲתוּנָה מַאכֶען אָדֶער, וֶוענן נִיט, זָאלל מֶען וִויסֶען: אַז עֶס אִיז דֶערְפוּן נִיט דָא וָואס צוּ רֶעדֶען; אִיךְ קֶענן אֵייךְ גוּט, חֶבְרָה!

„אִיךְ מוּז אֵייךְ זָאגֶען דִיא וַואהְרְהֵייט, ר' מרדכי: אַז, אַזוֹא בַּאלְד ווִיא עֶס וֶועט פוּן דֶעם שִׁדוּךְ נִיט וֶוערֶען, קֶאנן אִיךְ בֵּייא אֵייךְ נִיט בְּלֵייבֶּען" הָאט אבא קוים אַרוֹיס גֶעשְׁטַאמֶעלְט.

„נַא, הָאסְט דוּא דִיא יוּנְגֶע לֵייטְלֶעךְ!" — הָאט ר' מרדכי לַאכֶענְדִיג גֶעזָאגְט — „נָאךְ גוּט אַז אִיהר הָאט נִיט אִין אֵיין וֶועג שׁוֹן גֶעזָאגְט: אַז אִיהר וֶועט אֵייךְ הֶענְגֶען, דֶערְטְרִינְקֶען, פֶערְגִיפְטֶען; מִיט וֶוארְטֶער זֶענְט אִיהר אַללֶע מָאל גְרוֹסֶע הֶעלְדֶען, אִיהר קֶאנְט נָאךְ יֶענֶע נַארִישְׁקֵייטֶען נִיט פֶערְגֶעסֶען! אָבֶּער, זָאגְט מִיר נָאר, אבא, וֶועט אִיהר קֶאנֶען מִיט אַ ווַייבּ לֶעבֶּען אַזוֹא ווִיא מֶען לֶעבְּט דָא בֵּייא אוּנְז? אִיהר זֶענְט שׁוֹן בַּאלְד אַ יָאהר בֵּייא אוּנְז אוּנ, אִיהר הָאט גוּט גֶעזֶעהֶען: אַז בֵּייא אוּנְז, מוּז, נִיט דַוְקָא מַאנן אוּנ ווַייבּ, נָאר אַללֶע אִין דִיא גַאנְצֶע קָאלָאנְיֶע מוּזֶען זַיין ווִיא אֵיין זֶעלֶע; אוּנ גְלוֹיבְּט מִיר: וֶוענן אִיךְ וָואלְט גֶעזֶעהֶען אַז בֵּייא אוּנְז לֶעבְּט אַ פָּאר פָּאלְק עֶפֶּעס נִיט גוּט, וָואלְט אִיךְ זֵייא אַ טָאג בֵּייא מִיר נִיט גֶעוָואלְט הַאלְטֶען;

ווָאס פַאר אַ מַזָל־בְּרָכָה קָאנן שׁוֹן זַיין אִין אַ פַאמִילְיֶע, װֶוענן צְווִישֶׁען זַייא אִיז קֵיין שָׁלוֹם?"

„ר׳ מרדכי, אִיהר װֶועט פָאן מִיר צוּפְרִידֶען זַיין, דָא הָאט אִיהר מֵיין הַאנְד־בַּארוּיף" הָאט אבא פֶערְזִיכֶערְט.

דִיא יוּנְגֶע לַייט זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען פָאן ר׳ מרדכין אוּנ עֶס אִיז צְווִישֶׁען זַייא גֶעבְּלִיבֶּען אַז ברוּךְ זָאלל אַלֵיין רֶעדֶען דֶערְפוּן מִיט מרים׳ן, נַאטוּרְלִיךְ, אַז ברוּךְ הָאט דָאס נִיט גֶעוָואלְט טְהוּן פְרוּהֶער וִויא עֶר װֶועט דֶערְפוּן רֶעדֶען מִיט זַיין רחל׳ה; עֶר הָאט אָבֶּער בֵּייא זִיךְ אִין דֶערְהַיים גֶעטְרָאפֶען מרים׳ן, אִין פְרֵיינְדְלִיכֶעם גֶעשְׁפְּרֶאךְ מִיט רחלה׳ן, אוּנ אוֹיף אִיהר שְׁאאס הָאט זִיא גֶעהַאלְטֶען דָאס „קְלֵיינֶע פְּרָאפֶּהֶעטְכֶען"; ברוּךְ׳ן אִיז יֶעטְצְט אֵיינְגֶעפַאללֶען: אַז עֶס אִיז גֶערַאדֶע גוּט װָאס עֶר הָאט בֵּיידֶע פְרוֹיֶען בֵּייאַזַאמֶען גֶעטְרָאפֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָארְזִיכְטִיג װֶועגֶען דֶעם צוּ רֶעדֶען.

„דוּא װֵייסְסְט רחלה, אַז אִיךְ ווִילל װֶערֶען אַ שַׁדְכָן בֵּייא היה׳ן, אִיךְ ווִילל אִיהר רֶעדֶען אַ שִׁדוּךְ"

„ברוּךְ, אוּב דוּא ווִיללְסְט, װָעלֶען מִיר דִיר זָאגֶען מִיט װֶועם" הָאט רחלה גֶעזָאגְט אוּנ הָאט גֶעשְׁמֵייכֶעלְט.

„וִויא אַזוֹא קֶאנְנְט אִיהר וִויסֶען מִיט װֶועם אִיךְ ווִילל אִיהר רֶעדֶען אַ שִׁדוּךְ?" הָאט ברוּךְ גֶעפְרֶעגְט.

„דוּא ווִיללְסְט אִיהר רֶעדֶען מִיט אבא׳ן: מִיר פְרוֹיֶען הָאבֶּען אִין אַזָאלְכֶע זַאכֶען שַׁארְפֶע אוֹגֶען; מִיר הָאבֶּען שׁוֹן לַאנְג בֶּעמֶערְקְט: אַז צְווִישֶׁען זַייא פֶערְקְנוּפְּט זִיךְ אַ שְׁטִיקֶעל לִיעבֶּע, אוּנ מִיר הָאבֶּען אָפְט װֶעגֶען דֶעם גֶערֶעדְט" הָאט רחלה גֶעעֶנְטְװֶערְט.

„אוּנ װָאס זָאגֶען זִיא דֶערְצוּ, מרים?" הָאט ברוּךְ גֶעפְרֶעגְט מרים׳ן?

„װַארְטֶען זִיא ברוּךְ" – הָאט מרים פֶערְגְנוּגְט גֶעזָאגְט – „מִיר װֶעלֶלֶען פְרֶעגֶען אוּנְזֶער קְלֵיין פְּרָאפֶּהֶעטְכֶען; שְׁמוּאֵלִיק, זָאלל מוּמֶע חַיָה נֶעמֶען פֶעטֶער אבא?" הָאט זִיא דֶעם קִינְד גֶעפְרֶעגְט.

„יָא, נֶעמֶען פֶעטְיֶע אבא" הָאט דָאס קִינְד גֶעלַאלְט.

„נוּא, אַז דָאס פְּרָאפֶּהֶעטְכֶען הֵייסְסְט, פֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ: אַז אִיךְ װֶועלל שׁוֹן נִיט אַנְדֶערְס זָאגֶען" הָאט מרים גֶעזָאגְט אוּנ אַללֶע הָאבֶּען הֶערְצְלִיךְ גֶעלַאכְט.

מֶען הָאט בַּאלְד גֶעשִׁיקְט נָאךְ ישעיה׳ן, בָּרוּךְ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט אוּם װָאס עֶס הַאנְדֶעלְט זִיךְ, אוּנ, װֶוענן ישעיה הָאט זַיין װַייב אָנְגֶעקוּקְט, אַז עֶר זָאלל קָאנֶען פָאן אִיהר גֶעזִיכְט לֶעזֶען װָאס זִיא זָאגְט דֶערְצוּ, הָאט זִיא אִיהם מִיט װֶעהְר אַ גְלִיקְלִיכֶע מִיענֶע גֶעזָאגְט „אִין רוּמִינְיֶען הָאבּ אִיךְ אִיהם פַאר אַ מַאנן נִיט גֶעוָואלְט, אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פַּאסְט עֶר מִיר אָבֶּער װֶעהְר גוּט פַאר אַ שְׁוָואגֶער, עֶר אִיז הִיע נִיט דָאס װָאס עֶר אִיז דָארְט גֶעװֶעזֶען".

זִיא זֶענֶען יֶעטְצְט אַלֶּע פִיער גֶענַאַנְגֶען צוּ ר׳ מרדכין, מֶען הָאט גֶעשִׁיקְט דוּפְּעֶן חיה׳ן, ר׳ מרדכי הָאט זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַלְס שַׁדְכָן אוּנ הָאט חיה׳ן פָאר־גֶעשְׁלָאגֶען אבא׳ן אַלְס חָתָן, אוּנ זֶוענְן ר׳ מרדכי הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט: אוֹב זִיא זִוילל אִיהם? אִיז זִיא אוֹבֶּער דִיא אוֹיעֶרֶען רוֹטה גֶעוָוארֶען, זִיא הָאט אָבֶּער בַּאלְד גֶעזָאגְט אַ הוֹכֶען „יָא״! אוּנ מֶען הָאט נָאךְ אוֹיף דֶעמְזֶעלְבֶּען אָבֶענְד בֶּעשְׁטִימְט — נִיט אַבַּאלל גָאר — דִיא תְּנָאִים.

בַּאלְד אִיז אִין דֶער גַאנְצֶע קָאלָאנִיֶע בֶּעקַאנְנְט גֶעוָוארֶען: אַז הַיינְט אָבֶענְד זֶועט זִיא ר׳ מרדכין זַיין תְּנָאִים.

„דֶער שֶׁענֶע אִינְזְשֶׁענִיֶער נֶעמְט דִיא גוּטֶע חיה״ הָאט מֶען פָאן יֶעדֶען גֶעהֶערְט אוּנ יֶעדֶער הָאט זִיךְ מִיט דֶעם גֶעפְרֵייעֶט; נַאטוּרְלִיךְ: אַז פֵּייגֶעלֶע הָאט דָאס אוֹיךְ גֶעהֶערְט אָבֶּער גֶעפְרֵייעֶט הָאט זִיא דָאס נִיט.

„הֶערֶען זִיא, מַאדַאם מרים! הַיינְט אָבֶענְד זֶועט מַאקִי זַיין תְּנָאִים, בֵּייא דֶעם אִינְזְשֶׁענִיֶער מִיט אוּנְזֶער חיה?״ הָאט זִיא מרים׳ן גֶעפְרֶעגְט.

„יָא, פֵּייגֶעלֶע, וָואס אִיז דֶען? דֶער שִׁדוּךְ גֶעפֶעלְט דִיר מִסְתָּמָא נִיט! דוּא גֶעדֶענְקְסְט נָאךְ וָואס אַ מָאל אִיז גֶעוֶועזֶען!״ הָאט מרים פֶערְוָואוּנְדֶערְט צוּרוּקְקֶע־פְרֶעגְט פֵּייגֶעלֶען.

„דֶער שִׁדוּךְ זִויא דֶער שִׁדוּךְ, מֶען פְרֶעגְט מִיךְ נִיט אוֹם אֵיין עֵצָה, אִיךְ מֵיין נָאר, מַאדַאם מרים, מִיט דֶעם רִינְג״.

„וָואס פַאר אַ רִינְג, פֵּייגֶעלֶע? רֶעד דֵייטְלִיכֶער!״

„אִיךְ מֵיין זֶוענֶען דֶעם רִינְג, וָואס זִיא הָאבֶּען מִיךְ גֶעהֵייסֶען צוּ נֶעמֶען פָאן טִישׁ, פַאר דִיא דֶעפֶּעשֶׁע״ דַאמָאלְס... גֶעדֶענְקֶען זִיא מַאדַאם מרים?

„אַךְ, טְרֵייֶע, עֶהְרְלִיכֶע פֵּייגֶעלֶע! אִיךְ הָאבּ שׁוֹן בַּארָאן לַאנְג פֶערְגֶעסֶען, נוּא וָואס זִוילְסְט דוּא מִיט דֶעם רִינְג?״

„אִיךְ מֵיין... אֶפְשֶׁר... חַיְהֶלֶע... זִיא זָאלל... אִיהם...״

„נֵיין, נֵיין, גוּטֶע פֵּייגֶעלֶע, הִיא דַארְף מֶען דָאס נִיט, גִיבּ אַהֶער מִיר דֶען רִינְג; נַא, נֶעמְם דָא דֶען רִינְג מִיט אַ בְּרִילְיַאנְט״ — מרים הָאט זִיךְ אַרָאבְּגֶעצוֹיגֶען אַ טֶהֵייעֶרֶען רִינְג פָאן אִיהר פִינְגֶער אוּנ הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען פֵּייגֶעלֶען — „נֶעמְם, טְרָאג אִיהם אוּנ בְּלֵייבּ אוּנְז אַללֶע טְרֵייע, דוּא זֶועהְסְט: אַז דֶער אִינְזְשֶׁענִיֶער זֶועט יֶעטְצְט זַיין מֵיין שְׁוָואגֶער, עֶר אִיז יֶעטְצְט נָאר אֵיין אַנְדֶערֶער מֶענְשׁ זִויא דָארְט, דוּא זֶועסְט מִיט מִיר גֶעהְן צוּ דִיא תְּנָאִים״.

עֶס אִיז נָאךְ דֶעמְזֶעלְבֶּען אָבֶענְד גֶעוֶועזֶען אַ עֶכְט יוּדִישֶׁע תְּנָאִים; חיה אִיז גֶעוָוארֶען אבא׳ס כַּלָּה, ישעיה הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען דִיא תְּנָאִים אוּנ הָאט זִיא הוֹיךְ פָאר־גֶעלֵייעֶנְט אוּנ זִויא עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּם נַדָן הָאט ר׳ מרדכי גֶעזָאגְט: „ר׳ ישעיה, אַזוֹא גֶעהְט דָאס נִיט, מֶען מוּז אֵיינְשְׁרֵייבֶּען נַדָן, זִויא פִיעל אִיךְ גִיבּ פָאן חָתָן׳ס זַייט אוּנ אִיהר פָאן כַּלָּה׳ס זַייט״; אָבֶּער אבא הָאט אָפֶענְטְלִיךְ עֶרְקְלֶערְט: אַז עֶר זֶועט



פאן

פון קיינעם ניט גענומען אַ פראַנק, „ר' מרדכי! אַ מאָל. האָב איך געליטען אין געלדקראַנקהייט, היינט בין איך שוין, גאָטס לאָב קורירט" האָט ער געזאָגט.

אין אַ חודש שפּעטער איז בייא זייא געוועזען חתונה; עס האָט אַלעס וועהר יודיש אויסגעזעהען; עס איז אַזוי גאָר צווישען רחלה'ן און מרים'ן אַרויסגעקומען נאָך דיא חופּה אַ שטיקעל שטרייט, וויא צווישען יודען מחותנים פאַר דיא חופּה; יעדע פון זייא האָט היינט געוואָלט זיין דיא מחותנת; אָבער ר' מרדכי האָט צווישען זייא באַלד געמאַכט אַ פּשרה: היינט וועט שפּיעלען מרים, ווייל זיא איז אַ נאָהנטערע מחותנת אויף דיא חתונה וויא רחלה, דערפאַר וועט רחלה באַלד שפּיעלען אויף אונזער רבקה'ס חתונה, וואו איז זיא, רבקה! רבקה!"

דיא גוטע דבורה וואָס איז געשטאַנען נעבען איהר מאַנן און האָט מסתמא געוואוסט וואָס דאָ וועט פאָרפאַללען, איז כמעט אַרויסגעטאַנצט פון צימער און איז אין קוים צוויא מינוט צוריקגעקומען און האָט אונטערן אָרם געפיהרט דיא טודטבלאַסע רבקה „הער נאָר רבקה, עפּעס שאָנע זאַכען האָב איך געהערט פון דיר זאָגען, נו זאָג, איז דאָס אמת?" האָט זיא ר' מרדכי געפרעגט, אָבער רבקה האָט אַ וואָרט ניט געקאָנט רעדען אַזוי האָט זיא זיך געשעמט „אַזוי, דו שווייגסט, דו מיינסט אַז עס וועט דיר עפּעס העלפען? זעהסט, איך בעט אייך, אסתר, זוכט מיר נאָר אויף שמעון, דען קופּפערשמיעד!" האָט ר' מרדכי ווייטער געזאָגט און דאָס געזינד האָט איהם געגלויבט פאַר שמחה; אסתר האָט דען קופּפערשמיעד ניט לאַנג געדאַרפט זוכען, וואָרום עס איז קיין איינציגער געוועזען אין דיא גאַנצע קאָלאָניע וואָס זאָלל ניט זיין דאָ געוועזען אויף דער חתונה „זאָגט נאָר שמעון, איז דאָס אמת אַז מיין רבקה געפעללט אייך אַזוי שטאַרק?" האָט איהם ר' מרדכי געפרעגט „אַלס הייסט שטאַרק! זיא געפעללט מיר אַזוי אַז איך קאָנן אייך גאָר ניט זאָגען" האָט דער חייסמוטע שמעון געענטווערט „און וויא געפעללט איהר רבקה'ן? איהר זעהט דאָך אַז זיא שעמט זיך פונקט וויא מען וואָלט זיא געכאַפּט בייא אַ גנבה" האָט ר' מרדכי ווייטער געפרעגט „אסתר זאָגט מיר אַז איך געפעלל איהר אויך" האָט שמעון געענטווערט און, עס איז געוואָרען וועהר אַ לוסטיג געלעכטער „נו; ווענן אסתר זאָגט איז דאָס אמת! און אויף נבן וועט איהר זיך אויף מיר פערלאָזען, שמעון?" האָט ר' מרדכי יעצט געפרעגט „זאָלט איהר הונדערט און צוואַנציג יאָהר לעבען אין עושר און נחת, אויף וועם דען זאָלל איך מיך פערלאָזען וויא אויף אייך?" — „זעהסט דו רחלה, אויף אונזער רבקה'ס חתונה וועסט דו שוין מוזען שפּיעלען, און דאָס וועט ניט לאַנג דויערן, מאָרגען אָבענד תנאים, און אין אַ חודש חתונה" האָט דער גלוקקליכער ר' מרדכי געזאָגט און דיא זאַך איז געוועזען אָבגעמאַכט.

יעדער וועט פערשטעהן וויא לוסטיג עס איז צוגעגאַנגען אויף דיא חתונה.

צוויא מאָנאַטה נאָכדעם וויא אונזער שעניער אבא האָט חתונה געהאַט מיט חיה'ן; האָט ער געקריעגען אַ בריעף פון מאַדאַם רייפראַקק.

* * *

## מאדאם רייפראקק אן אינזשעניער אלבערט .

מיין הערצליך ליעבער אלבערט! ענדליך בין איך פרייא, מיין מאנן איז פאר צווייא וואכען פלעצליך געשטארבען אונ, איך בין וויטווע.

פיערצעהן טרויריגע יאהר האב איך פערלעבט נעבען דעם אלטען אבגעלעבטען מענש, אונ זיא וויסען וויא וועניג איך האב אונטער דער צייט דאס לעבען גע־נאססען, איין לעבען נעבען א מאנן וואס איז פיער אונ דרייסיג יאהר עלטער געוועזען וויא איך!

עס איז וואהר, אז יעדעס פאן דיא פיערצעהן יאהר איז מיר מיט הונדערט אונ פונפציג טויזענד פראנק בעצאהלט געווארען, ווארום מיין מאנן האט מיר איבער־געלאזט געגען צווייא מיללייאן פראנק, אונ איך מוז יעטצט זוכען מיין פערשפעטיגט לעבען, מיינע פערלארענע פיערצעהן יאהר איינצוהאלען.

מיין טהייערער אלבערט! איהנען אונ נאר איהנען וויל איך מיין ווארמעס הערץ אונ מיין שאנעס פערמאגען פערטרויען! מיט איהן אונ נאר מיט איהנען וויל איך מיין לעבען אונ אללעס וואס איך בעזיטץ טהיילען! איך בין ניט אזוא א גאנזכען וויא מאריא אונ ניט אזוא אנגעבלאזאן וויא מאדאם טילבשנאבעל! איך האב אללע מאל פערשטאנען דען ווערטה פאן אזוא א הערצליכען יונגען מענש וויא זיא זענען!

איילען זיא הער מיין הערצליכער אלבערט, אונ מיר וועללען דיא רעכטע וואס מיר האבען „איינער דעם אנדערן צו געהארען גולטיג מאכען".

בייאליעגענד ערהאלטען זיא אנווייזונג אויף טויזענד פראנק אויף רייזעקאסטען, אונ אוב דיא געשעפטע האלטען איהן דארט פעסט, זא טעלעגראפהירען זיא, אונד עס וועט צו איהנען איילען, איהרע, מיט לייב אונ לעבען איהרע נאטאליא.

. : . יולי . . . 188

אבא האט דען בריעף געוויעזען חיה'ן מיט דיא ווארטער „דוא קאננסט א גוט געשעפט מאכען, פאר א מיללייאן אבטרעטגעלד שטעה איך דיר גוט" אונ חיה האט איהם זעהר וויטציג געענטווערט „ווענן דוא ביזט פאר דיא איבער דרייסיג־יאהריגע פרויא ווערט צווייא מיללייאן ביזט דוא פאר מיר, דיא צוואנציג יאהריגע, ווערטה אללעס אויף דער וועלט" אלבערט האט זיין ווייב פעסט געדרוקקט אן זיין ברוסט „דוא האסט דיך אביססעל פעררעכענט מיין גוט ווייב — האט ער איהר גע־זאגט — דוא ביזט פאר מיר דיא גאנצע וועלט", חיה האט איהם נאך געפרעגט: וואס פאר א רעכטע דיא פרויא האט געגען איהם. אבער דארויף האט ער נאר געענטווערט, „אלטע חשבונית".

אבא האט ברוך'ן אויך געוויעזען דען בריעף אונ האט איהם ערקלערט: אז ער וויל איהר נאר צורוקקשיקקען דאס אנווייזונג מיט יענע דרייאהונדערט פראנק וואס

זיא האט איהם, פאר זיין אברייזע געשמעקקט אין בוּועַנטאש, אבער ברוך האט איהם גערַאטהען: אז ער זאלל איהר שרייבען עמליכע ווארטער אונ איהר „געהעריג לעזען דען טעקסט"; אבא האט געפאלגט.

## אבא אן מאדאם רייפראקק

מאדאם רייפראקק! איך בעדויערע זעהר איהרע לאגע אונד וואונשע איהנען גערן, איין מאנן צו געפינגען נעבען וועלכען זיא וועללען דאס לעבען וועלכעס זיא זוכען גענייעססען.

איהר אנווייזונג אויף טויזענד פראנק אונד נאך איינע אויף דרייאהונדערט פראנק וואס זיא האבען מיר פאר מיינער אברייזע אויפגעצוואונגען, שיקק איך איהנען צורוקק ; וייל מיינע ליעבע פרויא וילל מיך פור קיינע מיללייאנען אין דער וועלט איהנען אב־טרעטען; פאן דיא רעכטע וואס זיא האבען אויף מיר קאנן גאר קיין רעדע זיין, וייל זייא זענען „שרעקקליך אונגערעכט" געוועזען, אונ קאננען אונז געשווינדער אלס פאר־ווארף דיענען; אובערהויפט וואונשען זיא איין איננזשעניער אלבערט.

איך אבער בין מיט שולדיגער אכטונג    אינזשעניער **אבא.**

ערץ ישראל, קאלאניע אהבת אחים תרמ...

מאדאם רייפראקק האט זיך אביסעל פערקרוממט וויא זיא האט אבא'ס בריעף געלעזען, אבער, איין אנדערער קאנדידאט וואס מאדאם רייפראקק האט זיך שון פאן אבט מאנאטה פאררעאטהיג געהאלטען, האט דערפאר געזאָרגט: אז זיא זאלל זיך ניט שטארק קראנקען, אונ מיט צווייא מאנאט שפאטער איז זיא געווארען מאדאם לופטבייטעל

* * *

יאהרען פערגעהן אונ יאהרען קוממען אונ, יעדעס יאהר אין רומיניען ברענגט פיעל, זעהר פיעל נייע צרות פאר יודען אונ. צווישען דיא צרות האט איינע. זעהר הארט געטראפפען ר' זרח בענדעט'ן;

ר' זרח בענדעט האט שון לאנג געהאט פערגעססען אן ארץ ישראל מיט ר' מרדכין; עפעס איין מאל האט זיך איהם פערגלוסט עפעס א דרעה צו געבען מיט ר' מרדכין מיט ארץ ישראל־אתרוגים אונ ער האט איהם געשריעבען א בריעוויל מיט א סך הסברות מיט דרעהעלעך, אבער ר' מרדכי האט איהם נור קורץ געענטווערט: אז אין זיינע גארטען האט ער קיין אתרוגים אונ ער האט גוט פערשטאנען אז מיט ר' מרדכין לאזען זיך „דרעהעלעך" ניט מאכען; יעטצט אבער איז איהם שלעכט געווארען; א נייע גזירה האט זיין פערמאגען וויא אין א שטורמווינד אוועקגעטראגען אונ ער האט ווידער אנגעהובען ערנסט צו טראכטען וועגען ארץ ישראל; אבער

(קאלאניסטין ח"ב)    ער

ער האט ווידער געהערט עפעס א גאנצען עסק וועגען דיא אפיקורסים און, ער האט ווידער געשריבען א „בריעוויל" צו ר' מרדכין.

## ר' זרח בענדעט צו ר' מרדכי.

לכבוד ידידי הרבני הנגיד המפורסם מ' מרדכי האנדעלסמאנן

איהר האט דאך שון מסתמא געהערט פון דיא נייע גזירה: וואס מען לאזט ביי אונז אין רומיניען דיא יודישע הויזירער ניט ארומפאהרען אדער ארומגעהן מיט סחורה און, מסתמא פערשטעהט איהר דאך שון, אז איך בין דורך דיא גזירה בדלות געוואָרען; ווארום מיין עסק איז דאך אללע מאל געוועזען מיט דיא הויזירער; איך קענן מיר שון היע לחלוטין גאר קיין עצה ניט געבען, היע מוז איך חלילה וחס ווערען א קבצן און עס איז ביי מיר נמנה ונגמר, צו געהן מיט מיין גאנץ בני בית נאך ארץ ישראל.

איך מוז אייך זאגען: אז איך בין שון כמעט געוועזען איינגעפאקקט צו פאהרען קיין ארץ ישראל. איז מיר ווידער געקוממען דער שטן אין וועג; עס הערט זיך היע א נייע צרה, אז דיא אפיקורסים'לעך דארט קערען דיא וועלט, מען זאגט: אז זייא געבען דארט אן מעשים תעתועים.

טהייערער ר' מרדכי! איהר ווייסט דאך אז אפיקורסות איז א מין קליפה, עפעס א מין שטן, וואס קלעבט זיך שטארק צו צו עהרליכע יודען; מילא אן אזאלכע יודען וויא מיר זענען האבען דיא שדים, איך מיין דאס דיא אפיקורסים; קיין שליטה ניט, אבער מיט יונגע לייטלעך, איז פראקטע כסכנת נפשות, מען טאר זייא ניט לאזען אריינגעהן אין דיא ד' אמות פון אפיקורסים, און איהר ווייסט דאך אז מיינע זוהן און איידעמס זענען יונגע לייט, און פאר זייא האב איך שטארק פחד.

מילא בכן, בעט איך אייך, טייערער ר' מרדכי, איהר זענט דאך אויך איין עהרליכער יוד און וועט בודאי, חלילה וחס, ניט וועללען מחטיא רבים זיין, טא זאללט איהר מיר למען השם שרייבען אין א בריעוועל, כל דבר שרש, וואס איז דאס דארט דיא מעשה מיט דיא אפיקורסים אז עס איז אזוא א געוואלט אין דיא וועלט; איך דארף דאס זייער נוטהוועגדיג וויססען, און אייך וועל איך גלויבען, באמנות; אייך וועלל איך גלויבען

אגב, בעט איך אייך, אז איהר זאללט מיר למען השם מודיע זיין: וואס עס הערט זיך אין ארץ ישראל און אוב איך זאלל אהינקוממען; איהר כוסט וויססען אז איך קאנן יעטצט אין גאנצען האבען מיין איינענס א פונפציזענד פראנק, מוז מען רעכנען: אז עס וועט מיר אוועקקגעהן בודאי פונפצעהנהונדערט פראנק ביז מיר וועללען אי"ה בשלום אהינקוממען; ווארום מיר זענען, אהן עין הרע, זעכצעהן דערוואקסענע מענשען א חוץ קינדער; מילא בכן, בעט איך אייך זייער הערצליך: אז איהר זאללט

מיר אין א בריעוועל שרייבען א) וואס הערט זיך דארט מיט דיא אפיקורסים? ב) צו וועלל איך מיר קעננען מיט מיין ביססעל געלד קופען א שטיקקעל נחלה וואס איך זאלל דערפון האבען פרנסה בשופי אונ ג) צו וועט איהר אונז אפשר נעממען צו זיך אין קאלאניע וועלל איך אייך בודאי זאגען א גרוססען דאנק; אגב רעכען איך מאקי, אז ביא אייך אין קאלאניע מוזען פארט ניט זיין קיין אפיקורסים, ווייל איהר זענט דאך איין עהרליכער יוד, אונ א עהרליכער יוד איז אללע מאל מיט אפיקורסים פייער אונ וואססער, פראסטי אויף מעססער שטיך.

מילא בכן בעט איך אייך אז איהר זאלט מיר אללעס תיכף ומיד שרייבען בפירוש אין א בריעוויל, אונ אוב איהר וואללט געוואללט מיך מאכען ביא זיך פאר א שטיקקעל ממונה, למשל: פאר א עקאנאם, אדער, איך זאלל אכטונג געבען אויף כשרות וואללט איך אייך בודאי געזאגט א יישר, אגב זאללט איהר ניט פערגעססען: אז איך בין א גוטער בעל תפלה אונ א מוהל; וועגען שבירות וועללען מיר בודאי פארטיג ווערען, איך ווייסס אז איהר וועט מיר בודאי חלילה ניט טהון א עולה; אגב, בעט איך אייך זעהר שטארק: אז איהר זאללט מיר מודיע זיין אוב עס איז דארט עפעס א עסק, טליתים אונ ציצית פון היע, איך מוז אייך זאגען אז איך פערשטעה צו מאכען דעם בעסטען שמעקקטאבאק, דאס רעכען איך וועט זיין א שטיקקעל עסק פאר ירושלים, ווייל, איך ווייסס אז אללע בטלנים שמעקקען גערן טאבאק, אונ אין ירושלים, רעכען איך מוזען זיין גוזמאות בטלנים.

ידידו, נאום הקטן זרח בענדעט נ"י.

... צום גדליהו ... תרם ...

עיקר שכחתי: וואס הערט זיך דארט וועגען טליתים קטנים?

ר' מרדכי האט דען בריעף געוויעזען זיין בני בית, אבא איז אויך דערביא געוועזען אונ האט איבער דען בריעף זעהר געלאכט, אבער ר' מרדכי האט געזאגט: ניין, ניט לאכען נאר וויינען דארפען מיר, וועננ מיר זעהען וויא אונזערע יודען קוקקען אויף ארץ ישראל; איך וויל וועטען: אז מיט עטליכע יאהר צורוקק, וואללט דער איינציגער זרח בענדעט געשפיגען מיט פייער וועננ מען וואללט מיט איהם גערעדט וועגען ארץ ישראל; זיין ערסטע טענה וואללט געוועזען: מען זאלל איהם געבען א ארעממאנן מיט איין עזעל אונ, וועננ דער ארעממאנן וואללט שון געקוממען צו רייטען אויף דעם עזעל, מיינט איהר, קינדער, אז א זאלכע ר' זרח בענדעטס וואללטען שון געגאנגען נאך ארץ ישראל? ניין! זייא וואללטען פריהער געזעהען אוב זיא וועללען ניט קעננען מאכען עפעס א שטיקקעל עסק מיט דעם עזעל. אוב זייא וועללען ניט מיט דעם ארעממאנן אליין קאננען מאכען עפעס א שטיקקעל משא ומתן; וואס דארפט איהר נאך מעהר? איהר זעהט דאך אז דעם זרח בענדעט ליעגט שון דער הלף אין האלז. ער זאגט אליין. אז דארט מוז ער ווערען א קבצן. אונ. וועננ עס האלט ביים אהערגעהן, האט ער מורא פאר אפיקורסים, שפעקולירט שון צו מאכען עסקים,

און אין א חודש. וועט ער ווידער אין גאנצען פערגעסען אן ארץ ישראל.

„דוא וועסט איהם ענטווערן, פאטער״? האט רחלה געפרעגט.

„געוויסס! ענטווערן מוז איך, ווארום אזוא א מענש קענן מיר נאך קומטען אויף דעם האלז, און מיר וועללען דא פאן איהם האבען גרויסע צרות״. האט ר׳ מרדכי געענטווערט און האט זיך געזעטצט שרייבען.

## ר׳ מרדכי צו ר׳ זרח בענדעט.

ידידי ר׳ זרח בענדעט! איך האב אייער בריעף ערהאלטען און, וויא איהר זעהט, אייל איך מיך אייך צו ענטווערן.

דאס וואס בייא אייך איז אזוא א גערודער וועגען דיא היגע אפיקורסים, פערשטעה איך גאר ניט; זאגט מיר: זייט איהר דענן אין רומעניען גאר אהן אפיקורסים? האלטען אין יאססי און בוקארעסט יודען מיט בארד און פאות, ניט אפפען, שבת און יו״ט זייערע געשעפטען? רייכערן זייא ניט אפפענטליך שבת אין גאסס פאפיראסען? קוקט זיך נאר ארום אין דיא גרויסע שטאדט אם שווארצען מעער, ווא עס איז דא חיים חייקעלך וויא פלאה אם תשעה באב, ווא דער גראססטער פאן דיא פיער דינים איז אזוא א שרעקקליכער עהרליכער יוד אז שמחת תורה שרייעט ער שכורהייט אין גרויסען בית המדרש „צאן קדשים! בעע! מעע״! האלט מען דענן דארט ניט אפפען דיא געשאפטען שבת? פאהרט מען ניט, רייכערט מען ניט אפפענטליך אום שבת? און דיא רייכע חיים חייקעלס פאן גרויסען בית המדרש, האבען זייא ניט בייא זיך שבת צו נאכט, אזואגאר מוצאי יום כפור צו מערב, פארטיגע פאפיראססען און פייער אין טאש און פעררייכערן זייא נאך אין בית המדרש? היינט פרעג איך אייך: פאר וואס שרעקקט איהר אייך דארט אזוא שטארק פאר דיא היגע אפיקורסים?

דיא מעשה מיט דיא היגע אפיקורסים איז גאנץ איינפאך און שולדיג אן אללעם איז דווקא, אייער א בן טובים, דאס הייססט: א גרויססען רב׳ס איין איינעקעל!

עס איז דארט עפעס א גרויססען רב׳ס (דאכט זיך בוקארעסטער אדער יאססיר רב׳ס) איינעקעל. ער איז דווקא ניט ארעם. נאר רייך. און רייט דווקא ניט אויף איין עזעל נאר ער איז אליין א גרויססער עזעל און דעם רייכען עזעל האט זיך געוואללט מאכען א תכלית אין ארץ ישראל; ער האט, אמת, געשענקט לערך צוועלפטויזענד פראנק אויף ישוב א״י און האט געמיינט: אז ער וועט דאדורך היע ווערען א גאנצער בעל הבית; ער איז אהערגעקומען און האט זיך היע געוואללט בעזעטצען.

אין דיא היגע קאלאניען איז דא איין קאלאניע וואס האט שרעקקליך געליטטען פאן וויצעדירעקטאר; עס איז געוועזען א גאנצע אינטריגע: דער דירעקטאר האט דען וויצעדירעקטאר ניט געוואללט, איהם אבצוזאגען האט ער ניט געהאט דאס רעכט און ער האט אנגעהובען פאן אנדערן זייט: ער האט דען וויצעדירעקטאר גערייצט און געהעטצט געגען דיא קאלאניסטען און דיא קאלאניסטען האט ער ווידער צו־

גֶערֶעדט אַז זַייא זָאלּלֶען נִיט פָאלְגֶען דֶען וִויטְצֶעדִירֶעקְטָאר ; דָאךְ , דִיא קָאלָאנִיסְטֶען זֶענֶען קְלוּג גֶענוּג גֶעוֶועזֶען אַז זַייא זָאלּלֶען לֵיידֶען אוּנ שְׁוַויינֶען , בִּיז עֶס אִיז אַהֶער־גֶעקוּמֶען אֵייעֶר בֶּן טוֹבִים אוּנ , הָאט דָא גֶעוָואללְט מַאכֶען אַ וֶועלְט פָאן הֶפְקֵר , אוּנ עֶר אִיז דָאס גֶעוֶועזֶען דֶער עֶרְסְטֶער וָואס אִיז שַׁבָּת גֶעגַאנְגֶען אוּבֶּער דִיא קָאלָאנְיֶע מִיט אַ פַּאפִּירָאס אִין כּוֹיל ; עֶטְלִיכֶע קָאלָאנִיכְטֶען אִיז דֶער סוּבְּיֶעקְט , אֶמֶת , גֶעפַאללֶען , זַייא הָאבֶּען אִיהם אָנְגֶעהוֹבֶּען נָאכְצוּטַאנְצֶען , זַייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ בּוּנְד אוּנ הָאבֶּען דֶען וִויטְצֶעדִירֶעקְטָאר אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פָאן דִיא קָאלָאנְיֶע ; אָבֶּער מִיר הָאבֶּען בַּאלְד גֶעזֶעהֶען וֶועם מִיר הָאבֶּען פַאר זִיךְ , מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען : אַז אֵייעֶר מְיוּחָס , דֶער גְרוֹסֶער עֶזֶעל אִיז דֶערְצוּ אַ גְרוֹסֶער מְשׁוּגָע , אוּנ אַזוֹא וִויא אִין דִיזֶע קָאלָאנְיֶען אִיז קֵיין מְשׁוּגָעִים — הַיְיזֶער נִיט דָא , אַייז , אִיהם צוּ צוּלֶעגֶען צוּם קָאפּ אִיז אוֹיךְ הִיע נִיט דָא , הָאבֶּען מִיר דֶען יַחְסָן צוּרוּקְק גֶעשִׁיקְקְט צוּ אַייךְ וָוא עֶס אִיז דָא מְשׁוּגָעִים גֶענוּג — אוּב נִיט צוּ פִיעל — ; דִיא עֶטְלִיכֶע לֵייכְטזִינִיגֶע קָאלָאנִיסְטֶען וָואס הָאבֶּען מִיט אִיהם גֶעמַאכְט חַבְרוּתָא , הָאבֶּען דוּרְךְ אִיהם אוֹיךְ קֵיין הָאנִיג גֶע־לֶעקְקְט , אוּנ דֶערְמִיט הָאט דִיא גֶעשִׁיכְטֶע אוֹיפְגֶעהֶערְט , אוּנ גֶעלוֹבְּט אִיז גָאטט ! עֶס גֶעהְט וִויעדֶער אַללֶעם וִויא מֶען דַארְף ! הַיינְט וָואס הָאט אִיהר דָארְט אַזוֹא פַּחַד ? אִיהר , וָואס אִיהר זֶענְט גֶעוָואוּנְט : אַז מֶען זָאלל זִיךְ אַרוּמְשְׁלָאגֶען אִין שׁוּל , אִין בָּתֵּי מִדְרָשׁ , אִין שְׁטִיבְּלֶעךְ , דֶערְשְׁרֶעקְקְט זִיךְ , וֶוענן הִיע הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע יוּדִישֶׁע בּוּעֶרֶען אַבִּיסֶעל גֶעשְׁטִיפְּט !

אֵיין עֶנְגְלִישֶׁער פְהִילָאזָאפְה הָאט גֶעזָאגְט , דָאס גֵיהִנָּם אִיז גֶעפְּלַאצְט , דִיא שֵׁדִים זֶענֶען זִיךְ צֶעלוֹיפֶען אוּנ מֶען גֶעפִינְט זַייא יֶעטְצְט אִין גֶערְמַאנְיֶען צֶעשְׁפְּרֵייט״ , נוּא דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז גֶערְמַאנְיֶען גְרוֹסס אוּנ שְׁטַארְק , נוּא . טָא וָואס אִיז , אַז יֶעטְצְט אִיז רוּמֶענְיֶען דָאס גֵּיהִנָּם גֶעפְּלַאטְצְט , דִיא שֵׁדִים זֶענֶען זִיךְ צֶעלָאפֶּען , אוּנ עֶס גֶע־פוּנֶען זִיךְ עֶטְלִיכֶע אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל ? נִיט קָשֶׁה , אוּבֶּער עֶטְלִיכֶע מְשׁוּגָעִים וֶועט חָלִילָה אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל נִיט לֵיידֶען ! דִיא יוּדִישֶׁע קָאלָאנְיֶען וֶועללֶען אי״ה בְּלוּהֶען , גְרוֹסס אוּנ שְׁטַארְק וֶוערֶען .

מִיט אֵייעֶר עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד פְרַאנְק מָאגְט אִיהר זִיךְ גֶעזוּנְדֶערְהֵייט בְּלֵייבֶּען אִין דֶערְהֵיים מִכַּמָּה טְעָמִים ,1 קֶענְנְט אִיהר אָהן 15—18 טוֹיזֶענְד פְרַאנְק הִיע קֵיין קָאלָאנְיֶע זִיךְ קוֹיפֶען , 2, פַאר זֶעכְצֶעהן דֶערְוַואקְסֶענֶע מֶענְשֶׁען הוּץ קִינְדֶער . מוּזְט אִיהר הָאבֶּען דְרֵייא קָאלָאנְיֶען , דָאס הֵייסְט : לְכָל הַפָּחוֹת פוּפְצִיגְטוֹיזֶענְד פְרַאנְק אוּנ , 3, הִיע קֶענְן מֶען נִיט גֶעבְּרוֹיכֶען אַזָאלְכֶע יוּדֶען וִויא אִיהר זֶענְט ; הִיע מוּז מֶען הָאבֶּען אַרְבֵּייטְס־מֶענְשֶׁען , מֶענְשֶׁען וָואס זָאלל זַייא קֵיין זַאךְ אִין זִינן לִיעגֶען חוּץ זַייעֶר עֶרְדְאַרְבֵּייט ; וֶוער אָבֶּער עֶס ווילל הַאנְדֶעלן מִיט טַלֵּיתִים אוּנ צִיצִית , וֶוער עֶס ווילל זַיין אַ בַּעַל תְּפִלָּה אָדֶער אַ מוֹהֵל , אַ שַׁדְכָן אָדֶער אַ בַּדְחָן אִיז גְלֵייכֶער , אַז עֶר זָאלל בְּלֵייבֶּען אִין דֶערְהֵיים , בַּייא אֵייךְ ; אָדֶער : עֶר זָאלל גֶעהן נָאךְ יְרוּשָׁלַיִם גֶעמֶען פָאן דֶער חֲלוּקָה אוּנ מְהַיְבֵי תֵּיתֵי , טַאקִי מַאכֶען שְׁמֶעקְקְטַאבַּאק אוֹיךְ .

(קאלאניסטין ח״ב) אייער׳

אייערע זוהן און איידעכם וואלט איך יא אהערגענומען ; איך וואלט זיי אבגעלאזט ערד אויף אויסצאהלען ; אבער איך האב עס מורא צו טהון וויל איך ווייס : אז זיי זענען חסידים : ניט וואס איך מיין חס ושלום , אז חסידים זענען קיין יודען, חלילה ! איך האלט חסידים פאר ניט בעססערע און ניט ערגערע יודען ווי אללע אונבריגע ברודער ; איך זאג נאך : אז יעטצט איז די צייט וואס מיר מוזען זיך אללע רייבען דיא האנד ; מיר איז גאר קיין אונטערשיעד וואס איינער דאווענט אעכנז דער צנדערער ספרד און דער דריטטער דאווענט גאר ניט ; פאר דעם יודענטהום זענען זיי אללע יודען , אזוא גוט ווי זיי זענען אללע יודען פאר דעם יודישען וואפראס ; פאר ישוב ארץ ישראל אבער זענען זיי די ערגסטע , אזואגאר ערגער ווי די אפיקורסים , וויל : בשעת דער חסיד וועט נאך האלטען אין בעסטען דביקות , און די בעסטע ספורי מעשיות פון צדיקים וועט דער אפיקורס שון לאנג זיין אין פעלד און א גרוסס שטיקק ארבייט האבען אבגעטהון ; היינט וועד רעדט שון דערפון , ווען עס זאלל חלילה דא אריינשמעקקען א שטיקקעל צדיק ! דאמאלס וועט פאן די קאלאניען ווערען דאס וואס איז געווארען פאן תנ"ך .

איך קאנן אייך באלד בעווייזען אז איך האב רעכט : אין אייער בריעף קלאגט איהר אייך אויף די גזרה מיט די הויזירער , אז איהר זענט בדלות געווארען און עס איז אייך פאן אייער פערמאגענס נאר נאך אובערגעבליעבען פונפטויזענד פראנק ; ביי דיא גזרה פאן די הויזירער זענען צעהנדלינגע טויזענד פאן אונזערע אונגלוקקליכע ברודער מיט א מאל געווארען בעטטלער , האט איהר אין אייער בריעף חאטש איין קראכטץ , חאטש איין זיפץ געגעבען אויף דעם אונגלוקק פאן אזוא פיעל מענשען , און מענשען וואס איהר האט פאן זיי געלעבט , זענט פאן זיי רייך געווארען ? נאר איהר מיט אייער בני בית ! אבער זאגט מיר : פאר וואס איז מען דאס דוקא מחויב צו זארגען פאר אייך וואס איהר האט נאך פונפטויזענד פראנק און ניט פאר יענע טויזענדע ברודער וואס האבען פאר זייער פערהונגערטע קינדער קיין שטיקקעל ברויט ? מיט וואס האט איהר מעהר דאס רעכט צו לעבען ווי יענע ? ר' חנינא'ס מוטטער האט זיך איינגערעדט : אז די גאנצע וועלט ווערט נאר געשפייזט דורך איהר חנינא ; נוא , זיא איז געוועזען א יודענע און א מוטטער , איך זאג אבער אז די וועלט איז בעשאפפען געווארען פאר אללע און אללע דארפען זארגען פאר יעדען און דער וואס לעבט נאר פאר זיך , זארגט נאר פאר זיך , האט דאס רעכט פערלארען פאן אנדערע צו פערלאנגען : אז זיי זאללען עפעס טהון פאר איהם .

איך וויל אבער וועטטען : אז , ווענן מען זאלל אייך שון געבען פערטיגע קאלאניען מיט בהמות און כלים צו דער ארבייט , וועט איהר נאך ניט אהער געהן ; איהר וועט נאך פרוהער האבען חקירות ודרישות : צו האבען מיר היע א בסידישען שוחט ? צו איז דא וואססער ראש השנה צו געהן צו תשליך ? צו וועט מען אייך געבען א פארטיג חסידים־שטיעבעל מיט א מנין נאר פאן אייערע חסידים און – וואס די

הוֹפְּטְמַאךְ איז — צוּ איז היע דָא אַ בִּיסֶעל מַשְׁקֶה מְעוֹרֵר צוּ זַיין הִתְלַהֲבוּת אונ; אַגַב, צוּ וֶועט היע זַיין אויף עֶפֶּעס צוּ שְׁרַייבֶּען מְסִירוֹת? וֶוייסְט איהר פַאר וָואס דָאס איז? נוּא, וֶוייל איהר זֶענְט עֲבָדִים עִבְרִים, וֶוייל איהר מַעֲנָה'ט „לֹא אֵצֵא חָפְשִׁי״: (אִיךְ וִויל נִיט פְרַייע וֶוערֶען) אונ, איהר זֶענְט, נִיט בְּלוֹיז מִיט דִיא אוֹעֶרֶען נָאר מִיט קָאפּ. לַייבּ אונ לֶעבֶּען צוּגֶעבָּאהרְט צוּ דֶעם לַאנְד וָוא מֶען פַּיינִיגְט אַייך אַזוֹא, אָדֶער וִויא מַיין אֵיידֶעם זָאגְט: איהר זֶענְט מְצוֹרָעִים, (קְרֶאצִיג). אונ דַארוּבֶּער לִיעבְּט איהר אַז מֶען זָאלל אַייךְ קְרַאצְצֶען אַז מֶען זָאלל אַייךְ תָמִיד שִׁינְדֶען דִיא הוֹיט.

נֵיין, ר׳ זרח בענדעט! נִיט פַאר אַזָאלְכֶע יְרֶדען וִויא איהר זֶענְט בּוֹיֶען מִיר קָאלָאנְיֶען! איהר שְׁפִּייעט אִין בְּרוּנְנֶען אונ וֶועט דָאס וַואסֶער פוּן איהם נִיט טְרִינְקֶען! איהר זֶענְט דֶער דוֹר הַמִּדְבָּר, אונ וֶועט נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל נִיט קוּמְמֶען! אֶפְשֶׁר, אַייעֶרֶע קִינְדֶער, אוֹב זַייא וֶועלֶּען קְלוּגֶער אונ עֶהרְלִיכֶער זַיין וִויא איהר זֶענְט אונ, אוֹב זַייא וֶועלְלֶען הָאבֶּען אַ יוּדִישֶׁער הֶערְץ וִויא איהר הָאט.

בְּלֵייבְּט אִין דֶערְהֵיים ר׳ זרח בענדעט! פַאר הִיע טוֹגְט איהר נִיט; מִיר דַארְפֶען אַרְבֵּייטֶער, מִיר דַארְפֶען מֶענְשֶׁען וָואס דִיא אִידֶעֶע פוּן יִשּׁוּב א״י זָאלל בַּייא זַייא הֵיילִיג זַיין, מֶענְשֶׁען — וָואס הָאבֶּען זַייעֶרֶע בְּרוּדֶער לִיעבּ; איהר קְלֶעבְּט נָאךְ אָן שַׁאבֶער, בְּלֵייבְּט דָארְט! מִיט פוּנְפְטוֹיזֶענְד פְרַאנְק קֶענְנְט איהר דָארְט גֶענוּג שַׁאבֶערן, אונ אוֹב איהר וֶועט חָלִילָה וֶוערֶען אַ קַבְּצָן, וִויא איהר הָאט מוֹרָא, נוּא, בְּלֵייבְּט אַייךְ אִימֶּער פְרֵייא יְרוּשָׁלַיִם, מִיט דִיא חֲלוּקָה אונ אַייעֶר שְׁמֶעקְקְטַאבַּאק צוּזַאמֶּען.

דָאס איז דִיא עֶרְלִיכְסְטֶע עֵצָה מידידו מרדכי

· · ·

ארץ ישראל, קאלאניע אהבת אחים חשון תרם...

ר׳ זרח בענדעטין איז ר׳ מרדכי׳ס „בְּרִיעוּויל״ אַזוֹא שְׁטַארְק נִיט גֶעפַאללֶען אַז עֶר הָאט, בַּאלְד נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט איהם דוּרְכְגֶעלֵייעֶנְט גֶעזָאגְט „אַפָּנִים, אַז עֶר איז אַלֵיין אַייךְ שׁוֹן גֶעוָוארֶען אַ גוּטֶער אַפִּיקוֹרֶס״.

* * *

פייגעלע איז עֶפֶּעס דִיא לֶעטְצְטֶע צַייט זֶעהר טְרוּירִיג גֶעוָוארֶען; דִיא גוּטֶע, מוּנְטֶערֶע פייגעלע וָואס מֶען הָאט אויף איהר אִין דִיא גַאנְצֶע קָאלָאנְיֶע גֶעזָאגְט „זִיא איז לוּסְטִיג אונ מוּנְטֶער וִויא אַ אֶמֶת פֵייגֶעלֶע״ הָאט יֶעטְצְט וֶועניג גֶערֶעדְט אונ וֶועניג גֶעגֶעסֶען; זִיא, וָואס הָאט גֶערן בַּייא יָעדֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט מוּנְטֶער גֶעלַאכְט הָאט יֶעטְצְט זֶעלְטֶען קוֹים גֶעשְׁמֵייכֶעלְט; דִיא גוּטֶע מרים הָאט דֶערְפוּן גֶעהַאט גְרוֹיס קְרֶענְקוּנְג; זִיא הָאט זִיא בֶּעאוֹיבְּאַכְט אויף יֶעדֶען שְׁרִיטט אָבֶּער, זִיא הָאט גָאר נִישְׁט גֶעקֶענְנְט בֶּעמֶערְקֶען; זִיא הָאט פייגעלען עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעפְרֶעגְט: וָואס דָאס איז? אָבֶּער זִיא הָאט נָאר גֶעהֶערְט אַיין תְּשׁוּבָה „גָאר נִיט מַאדַאם מרים״, אונ דָאךְ איז זִיא טְרוּיריג גֶעוֶועזֶען אונ הָאט אָפְּט שְׁוֶוער גֶעזִיפְצְט! מרים׳ן הָאט זִיךְ אַזוֹאנָאר אָפְּט גערֶאכְט (קאלאניסטין ח״ב)

גֶעבַּאכְט: אַז אִיהר פייגעלע הָאט פֶּערְוֵויינְטֶע אוֹגֶען

אסתר, דִיא קָאלָאנִיסְטֶען הָאט דָאס אויך בֶּעמֶערְקְט, אוּנ זִיא הָאט גֶעמֵיינְט: כְּסְתָמָא, הָאט אִיהר עֶפֶּעס אֵייגֶער פָאן דִיא יוּנְגֶע קָאלָאנִיסְטֶען דֶען קָאפּ פֶערְדְרֶעהט אוּנ, זִיא הָאט אָנְגֶעהוֹבֶּען מִיט שַׁארְפֶע אוֹגֶען נָאכְצוּקוּקֶען: וָואהִין פייגעלע גֶעהט: מִיט וֶועם זִיא רֶעדְט, אָבֶּער אַללֶעס אוּמְזָאנְסְט, וָוארוּם פייגעלע אִיז יֶעטְצְט אִין אִירְגֶענְד גֶעגַאנְגֶען וֶוענן מרים אָדֶער ישעיה הָאבֶּען זִיא נִיט גֶעשִׁיקְט אוּנ, גֶערֶעדְט הָאט זִיא לַחֲלוּטִין מִיט קֵיינֶעם.

אסתר אִיז, וִויא אַ גוּטֶע מוּטֶער, גֶעוֶועזֶען אוּמֶעדוּם בֵּייא אַללֶע קָאלָאנִיסְטֶען; אַללֶע הָאבֶּען זִיא גֶערוּפֶען „דִיא מוּמֶע אסתר”, אוּנ זִיא הָאט עֶס וִוירְקְלִיךְ מִיט יֶעדֶעם גֶעמֵיינְט עֶהרְלִיךְ וִויא מִיט אֵייגֶענֶע קִינְדֶער.

אַ מָאל, הָאט זִיא מִיט פייגעלען אָפֶּען דֶערְפוּן גֶערֶעדְט „זָאג מִיר, גָאלְדֶענֶע פייגעלע, פַאר וָואס בִּיסְט דוּא אַזוֹא טְרוֹירִיג? דוּא הָאסְט דָאךְ הִיעַ קֵיינֶעם, וָואס דוּא זָאללְסְט קֶענֶען אַרָאבְּרֶעדֶען וָואס דוּא הָאסְט אויף דֵיין הַארְץ; פַאר דִיא מַאדַאם מרים שֶׁעמְסְט דוּא דִיךְ מִסְתָמָא צוּ זָאגֶען וָואס דִיךְ דְרוּקְט אַזוֹא, נוּא זָאג מִיר, דוּא וֵוייסְט דָאךְ אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ לִיעבּ וִויא מֵיין אֵייגֶען קִינְד; זָאג מִיר, אִיךְ בִּין אויךְ אַ מָאל גֶעוֶועזֶען אַ מֶאדֶעל, אוּנ בִּין אויךְ אַ מָאל אַ בִּיסֶעל טְרוֹירִיג גֶעוֶועזֶען. זָאג פייגעלע, שֶׁאם זִיךְ נִיט, דוּא הָאסְט שׁוֹן אִירְגֶענְד עֶפֶּעס אַ חָתָן”?

פייגעלע הָאט לַאנְג גֶעשְׁווִיגֶען אוּנ אִיהרֶע אוֹגֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹבֶּען שְׁטַארְק צוּ רֶעגְנֶען מִיט טְהְרֶערֶען.

„גוּט, גוּט, גָאלְדֶענֶע פייגעלע, וֵויין זִיךְ אוֹיס, עֶס וֶועט דִיר לֵייכְטֶער וֶוערֶען, וֶועסְט דוּא מִיר אַללֶעס רִיכְטִיג עֶרְצֶעהלֶען, אוּנ אִיךְ וֶועלל דִיר מִסְתָמָא זָאגֶען וָואס דוּא הָאסְט צוּ טְהוּן, אַזוֹא וִויא אִיךְ וָואלְט גֶעזָאגְט מֵיין אֵייגֶען קִינְד” הָאט אִיהר אסתר גֶעזָאגְט.

פייגעלע הָאט זִיךְ גוּט אוֹיסְגֶעוֵויינְט אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹבֶּען צוּ עֶרְצֶעהלֶען „יָא, אסתר קְרוֹן; יָא, אִיהר הָאט גֶעטְרָאפֶען, אִיךְ הָאבּ טַאקִי אַ חָתָן, דָארְט; אָבֶּער הֶערְט נָאר מֵיין אוּנְגְלוּקק, אסתר קְרוֹן! צוּ דִיא מַאדַאם מרים, וֶוענן זִיא אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַ מַאמְזֶעל, אִיז אֵיינְגֶעגַאנְגֶען אַ יוּנְגֶער מֶענְשׁ, אַ הַאנְדְשׁוּה־מַאכֶער, עֶר הָאט אִיהר אַללֶע מָאל צוּגֶעשְׁטֶעלְלְט הַאנְדְשׁוּה, אוּנ, אִיךְ בִּין מִיט אִיהם בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען; עֶר הָאט מִיר גֶעזָאגְט: אַז עֶר ווִילל מִיט מִיר חֲתוּנָה הָאבֶּען, אָבֶּער, עֶר ווִילל נָאךְ אַ בִּיסֶעל וַוארְטֶען בִּיז עֶר וֶועט זִיךְ מַאכֶען אַ אָפֶּען גֶעשֶׁעפְט; פַאר מֵיין אַוֶועקְפָאהרֶען אִיז עֶר צוּ מִיר גֶעקוּמֶען, הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ פָּאר תְּפִלִּין פָאן טַאשׁ אוּנ הָאט צוּ מִיר, גֶעזָאגְט: הֶער, מֵיין טְהֵייעֶרֶע פַאנֶיע, דוּא פָאהְרְסְט אַוֶועקק נָאךְ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, גוּט, אִיךְ הָאבּ דִיר שׁוֹן גֶעזָאגְט: אַז אִיךְ בֶּעשְׁטֶעה דַארוֹיף, וֵוייל אִיךְ וֵוייסס, אַז בִּיז אוּנְזֶער חֲתוּנָה, וֶועט דִיר אִין עֶרְגֶענְז אַזוֹא גוּט זֵיין וִויא בֵּייא מַאמְזֶעל מאריא; יֶעטְצְט, וִויא דוּא פָאהְרְסְט שׁוֹן בַּאלְד אַוֶועקק, שְׁוֶוער אִיךְ דִיר:

אַזוֹא וִויא דָאס זָענֶען תְּפִלִּין פוּן גָאטט ! אַז אִיךְ וֶועלל מִיט קֵיין אַנְדֶערֶע נִיט הַתּוּנָה הָאבֶּען נָאר מִיט דִיר, אָבֶּער דֶערְפַאר מוּזְט דוּא מִיר גֶעבֶּען דִיא הַאנְד : אַזוֹא, בַּאלְד וִויא אִיךְ וֶועלל שְׁרַייבֶּען אַז דוּא זָאללְסְט אַהֶערְקוּמֶמֶען מִיט מִיר חַתּוּנָה הָאבֶּען . וֶועסְט דוּא קוּמֶמֶען ; אִיךְ הָאבּ אִיהם דַארוּיף גֶעגֶעבֶּען דִיא הַאנְד אוּנ צוּגֶעזָאגְט : אַז אִיךְ וֶועלל צוּ אִיהם פְּרוּהֶער שְׁרַייבֶּען וִויא עֶר צוּ מִיר ; אסתר קְרוֹן, גִיט מִיר אֵיין עֵצָה : וָואס זָאלל אִיךְ טְהוּן ? וָואס הֵייבּ אִיךְ אָן צוּ טְהוּן" ?.

„הָאסְט דוּא שׁוֹן צוּ אִיהם גֶעשְׁרִיעבֶּען" ?.

„נֵיין, אסתר קְרוֹן".

„פַאר וָואס" ?.

„וַוייל אִיךְ הָאבּ מוֹרָא : אַז עֶר וֶועט מִיר שְׁרַייבֶּען : אִיךְ זָאלל אַהִינְפָאהְרֶען חַתּוּנָה הָאבֶּען מִיט אִיהם".

„נוּא, אוּנ דוּא ווִילְסְט אִיהם שׁוֹן נִיט" ?.

„וָואס זָאגְט אִיהר דָא, אסתר קְרוֹן ? וָוא וֶועלל אִיךְ דֶענן קְרִיעגֶען אַזוֹא אָרֶענְטְלִיכֶען, עֶהרְלִיכֶען חָתָן וִויא עֶר אִיז ? אָבֶּער, אִיךְ ווִילל נִיט פָאהְרֶען אַהִין, אַז דָא אִיז אַזוֹא גוּט, אַזוֹא שֶׁאן אוּנ דָארְט אִיז מֶען פְּרָאסְט דָאס לֶעבֶּען נִיט זִיבֶער".

„נוּא, אֶפְשָׁר וֶועט עֶר וֶועללֶען אַהֶערְקוּמֶמֶען".

„גֶעוִויסס, וָואללְט עֶר אַהֶער גֶעלָאפֶּען, אָבֶּער, פָאן וָואס וֶועט עֶר הִיע לֶעבֶּען ? זֵיין מְלָאכָה גֶעהט דָאךְ הִיע נִיט, וֶוער בַּארְף דֶענן הִיע הַאנְדְשׁוּה" ?.

„הֶער, גָאלְדֶענֶע פֵייגעלע, דוּא מוּזְט וֶועגֶען דֶעם רֶעדֶען מִיט מַאדַאם מרים ; זִיא וֶועט דִיר שׁוֹן גֶעבֶּען אֵיין עֵצָה וָואס דוּא זָאללְסְט טְהוּן".

„אִיךְ הָאבּ טַאקִי אוֹיךְ אַזוֹא גֶעטְרַאכְט, אָבֶּער, אִיךְ שֶׁאם מִיךְ".

„אוּבּ דוּא ווִיללְסְט, וֶועלל אִיךְ מִיט אִיהר דַארוּבֶּער רֶעדֶען, אָבֶּער, גְלַייכֶער אִיז אַז דוּא זָאללְסְט אִיהר אַללֶעס עֶרְצֶעהלֶען".

„אִיךְ קֶענן נִיט, אסתר קְרוֹן, אִיךְ שֶׁאם מִיךְ".

„קוּמס, גָאלְדֶענֶע פֵייגעלע מִיט מִיר צוּ מַאדַאם מרים ! אִיךְ וֶועלל אָנְהוֹבֶּען אוּנ דוּא וֶועסְט אוֹיסְלָאזֶען".

„אִיךְ הָאבּ טַאקִי אוֹיךְ אַזוֹא גֶעטְרַאכְט, אסתר קְרוֹן".

בֵּיידֶע פְרוֹיעֶנְצִימֶמֶער זָענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּ מרים'ן, אסתר הָאט אִיהר אָנְגֶעהוֹבֶּען צוּ עֶרְצֶעהלֶען פַאר וָואס פֵייגעלע אִיז אַזוֹא טְרוֹירִיג, אבער, זִיא הָאט שׁוֹן גֶעמוּזְט אִין גַאנְצֶען עֶרְצֶעהלֶען דִיא גֶעשִׁיכְטֶע, וַוייל פֵייגעלע אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בְּלַאסס, אַרָאבְּגֶעלָאזֶען דִיא אוֹיגֶען אוּנ הָאט אַ וָוארְט נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְרֶעדֶען.

„דוּא בִּיזְט אוּנְגֶערֶעכְט, פֵייגעלע, אַז דוּא הָאסְט פַאר מִיר אַ סוֹד ; פַאר וָואס הָאסְט דוּא מִיר שׁוֹן דָאס נִיט לַאנְג גֶעזָאגְט ? אִיךְ וָואללְט דִיר שׁוֹן לַאנְג גֶעהַאט צוּ גֶעשְׁטֶעללְט דֵיין הַאנְדְשׁוּה־מַאכֶער, עֶר אִיז אַ זֶעהר אָרֶענְטְלִיכֶער יוּנְגֶער מֶענְשׁ" הָאט מרים פָארְגֶעוָוארְפֶען פֵייגעלען.

„איך האָב מאַקי אויך אַזוי געטראַכט, מאַדאַם מרים, אָבער..."

„אָבער דוא האָסט זיך געשאַמט — האָט מרים איהר אַרויסגעהאָלפען — אייך אסתר דאַנק איך פאַר דעם וואָס איהר האָט מיר דען גרויסען סוד אַרויסגעקריגען אונ דוא, פייגעלע, קומם מיט מיר".

מרים האָט פייגעלען אַריינגעפוהרט צו ר' מרדכין; זיא האָט איהם אַללעס ריכטיג ערצעהלט וואָס זיא האָט וועגען פייגעלען געהערט אונ איהם געבעטען: אַז ער זאלל איהר, מרים'ן, פערקויפען אַ שטיקק לאַנד, אָדער, ער זאלל איהר ערלויבען פאָן איהר אייגענעם לאַנד פייגעלען צו געבען אַ שטיקק לאַנד אויף אויסצוצאָהלען; ר' מרדכי, האָט זיך אַ ביסעל פערקרומט אונ געזאָגט: מרים, איך בעט אייך; מאַכט מיך איין מאָל שון פאַר אוים פאָרמונד! איהר האָט יעטצט ב"ה אַ מאַנן וואָס מען קענן איהם טרויען, אונ צו וואָס דאַרפט איהר מיך יעטצט? אָבער מרים האָט געשווינד געענטפערט: ניין, ניין, ר' מרדכי! ניט איך אונ ניט מיין ישעיה ווילען דאַס, איהר בלייבט אונזער פאָרמונד, אונזער פאָטער!

„נוא, גוט, גוט, נאָר ניט באַלד אַזוי היטציג, פייגעלע וועט האָבען אַ קאָלאָניע אונ נאַטירליך וועללען מיר זעהען: אַז עם זאלל איהר ניט שווער זיין אויסצוצאָהלען" האָט ר' מרדכי צופריעדען געזאָגט.

* * *

מרים האָט עס איבערגענוממען אַליין צו שרייבען דעם האַנדשוה־מאַכער אונ האָט איהם מיט דעם ערסטען שיף געשריבען:

## מרים צו אשר האנדשוהמאכער.

ה' אָשר! מיין פייגעלע האָט מיר ערסט היינט ערצעהלט: אַז איהר ביידע ליעבט אייך, האָט אייך דאַס וואָרט געגעבען חתונה צו האָבען, אונ זיא האָט אייך צוגעזאָגט: צו אייך צו קוממען אַזואַבאַלד וויא איהר וועט נאָך איהר שרייבען.

וויא ווייט מיין פייגעלע (פאַניע) איז איין גוט, ערהרליך מאַדיל, האָב איך אייך ניט נעטהיג צו זאָגען אונ געוויסס, וועט זיא איהר וואָרט האַלטען, אָבער, וויא גלוקקליך פייגעלע וועט זיין צו געהערען אייך, וואָס זיא ליעבט אַזוא טרייע אונ עהרליך, וועט זיא אָבער זעהר אונגלוקקליך זיין, ווענן זיא וועט מוזען צורוקק נאָך רומיניען וואָ אונזערע יודען אַזוא שרעקקליך ליידען; פייגעלע האָט שון פערזוכט דאַס היגע פרייע לעבען, זיא האָט שון געלעבט אין גן עדן אונ וועט דאָ־פעלט אונ־גלוקקליך זיין, ווען זיא זאלל מוזען צורוקקגעהן אין גהינם.

איך ווייסס ליעבער אָשר: אַז איהר זענט איין עהרליכער יונגער מענש אונ ווערדט ניט וועללען, דאַס מאַדיל וואָס זיא טרייע ליעבען אונגלוקקליך מאַכען; דיא קאַבאַליסטען זאָגען (אַזוא האָב איך געהערט): אַז שבת לאָזט מען דיא זינדיגע זעעלען

אויך אַריין אין גן עדן אונ שבת אבענד געהט אַ מלאך אונ שרייעט „געהט צורוקק רשעים אין גהינם" ! מיין פייגעלע איז אָבער קיין זינדיגע זעעלע אונ איהר וועט ניט וועללען זיין איהר באָזער מלאך זיא צורוקק צו שלעפּפּען אין אייער גהינם .

אָבער , זאָגט מיר , אשר , פאַר וואס זאָללט איהר ניט קוממען אַהער אונ אנהובען צו לעבען פרייע , צו אָטהמען פרייא אונ צופוהלען אַז איהר זענט אַ מענש — אַז איהר זענט קיין ווילד טהיער וואס מען זאָלל אויף אייך אונאויפהערליך יאַגד (יאַכט) מאַכען ? קוממט אַהער ! הייראַטעט אייער פייגעלע אונ זייט גלוקקליך !

נאַטורליך : אַז אייער האַנדשוהמאַכערייא קאָנן אייך היער ניט נוטצען , וייל היער טראָגט מען קיין האַנדשוה , היער , וויל דיא האַנד אויך פרייע זיין ; אָבער איהר וועט היער אייער מלאכה ניט דאַרפען ; איך מיט דעם גוטען ר' מרדכי וועללען אייך שטוטצען , מיר וועללען אייך געבען אַ שאָן שטיקק לאַנד אונ איהר וועט קאָננען לעבען רוהיג , פרייא אונ גלוקקליך .

איך האָפף : אַז איהר וועט מיר באַלד ענטוועררן אונ מיין ראַט פאָלגען .

מיין פייגעלע גרוססט אייך הערצליך , דיא טרייע זעעלע ! זיא שאַמט זיך אייך דאָס צו בעטען וואָס איך שלאָג אייך פאָר .

אייער בעקאַנטע מרים

ארץ ישראל, קאלאניע אהבת אחים חשון תרמ...

P. S. שרייבען זיא מיר , וואָס טהון דאָרט דיא חברה'ס פאַר ישוב ארץ ישראל ?

## אשר האנדשוהמאבער צו מרים .

געעהרטע מאַדאַם ! מיט איהר געעהרטען בריעף איז מיר דיא זונן אויפגעגאַנגען נאָך לאַנגע פינסטערע נאַכט ; איך האָב דיא שטראַהלען שון געזעהען אונ בין שיער בלינד געוואָרען פאַר גרוסס גלוקק ; איך האָב געהערט דיא ענגעל זינגען דאָס מאַרגענליעד , איך בין גלוקקליך ! איך קומם נאָך ארץ ישראל , אין דען הימעל .

טהייערע מאַדאַם ! איך זאָלל מיין פייגעלע אַרויספוהרען פאָן ארץ ישראל , פאָן אונזער גן עדן ? ניין ! אום גאָטטעס ווילען ניין ! איך וואָללט זיא אין אַללע האָללען אויפגעזוכט אום זיא גלוקקליך צו מאַכען , פאַר אַזוא איין עדעלע זעעלע וויא פאַניא איז ; פאַר אַזוא איין ענגעל איז נאָר פּלאַטץ אין הימעל ! אין ארץ ישראל !

גלויבען זיא מיר , מאַדאַם : אַז איך בין נאָר דאַרובער בעשטאַנען , פאַניע זאָלל מיט איהם געהן נאָך ארץ ישראל , וויל מיין פּלאַן איז שון , זייט זעכס יאָהר , אַליין אַהינצוגעהן ; איך האָב עס פייגעלן ניט געוואָללט זאָגען , וויל : איך האָב ניט גערעכענט אַז איך וועל אַ מאָל האָבען דיא מעגליכקייט הערצו , אונ , זעהען זיא נאָר מאַדאַם , וויא שאָן גאָטט פוהרט אַללעס ! בשעת , איך פערגעה היער שיער פאַר שמערץ אונ פיין , וואָס מען פערפאָלגט אונז יודען היער אַזוא אונמענשליך אונ ,

איך, וויא נאך טויזענדע אונגליקליכע וועהען גאר ניט פאר זיך דיא מאגליכקייט פרייע צו לעבען אין ארץ ישראל, קוממט איהר בריעף, מיר וועט ליכטיג אין דיא אויגען, איך זעה: אז מיין פייגעלע דענקט אזוא וויא איך דענק, אונ אייך, טהייערע מאדאם, האט אונז גאטט צוגעשיקט פאר א רעטטענדען ענגעל; אלם גאטטס גנאדע!

איך קומם נאך ארץ ישראל! איך וועלל באלד חתונה האבען מיט מיין געטרייע פייגעלע! איך וועלל ארבייטען מיט מיינע אללע קראפטע, ניט צוליעב רייך צו ווערען, נאר צוליעב אז זיא מיט דעם טהייערען ר' מרדכין זאללען פאן מיר צופריעדען זיין.

זיא, מאדאם, פרעגען מיך: וואס עס הארט זיך היע וועגען ישוב ארץ ישראל? עס פרייעט מיך אויססערארדענטליך, וואס איך קאנן אייך זעהר פיעל גוטעס וועגען דעם בענאכריכטיגען; שטעללט אייך פאר, גוטע מאדאם: ווענן קאלומבוס וואללט, נאכדעם וויא ער האט אזוא לאנג אומזונסט געזוכט דיא נייע וועלט, נאכדעם – וויא זיינע שיפסמאנשאפט האט אנגעהובען אונצופריעדען צו זיין אונ איהם אונגעהארזאם צו ווערען, וויא וואללט געוועזען – פרעג איך – ווענן ער וואללט אליין כמ"ז געווארען, דען מוטה פערלארען, אונ מיט שאנד צורוקק אהיים געפאהרען? וויא פיעל מיללאנען מענשען וואללטען אין זייער נוטה אונ עלענד אומגעקוממען אין דעם שון צו ענגען אייראפא? וויא פיעל אונגליקליכע, אונשולדיג־פערפאלגטע וואללטען ערשטיקט געווארען אין זייערע פייניגערם האנד אונ וואללטען ניט געהאט א זיכערן פלאץ וואו שוטץ צו זוכען? אונ ווער אנדערם וואללט שולדיג געוועזען אן דעם אונגלוקק, אן דעם פערלארענעם גלוקק, אן דיא פערלארענע נייע וועלט וויא דיא אונצופרידענע שיפסמאנשאפט, וואס האט ניט געהאט דען מוטה אונ דען גייסט דערצו פאר אזוא א גרוססע זאך, פאר ברוט, רוה אונ גלוקק פאר שפעטערע דורות, אביססעל צו ארבייטען, אונ אויסצוהאלטען? איז אפשר דיא אידעע: אז דארט ליעגט א נייע, גרוססע, רייכע וועלט ניט ריכטיג געוועזען בערעכענט? איז דיא נייע וועלט ניט פארהאנדען געוועזען? וויא גלוקקליך מוזען קאלומבוס מיט דיא עטליכע קלוגערע פערשטאנדיגערע אונ עהרליכערע מענשען, זיין געוועזען, ווענן זייא האבען פון מאסט־יונג וואס איז געזעססען אובען אין קארב געהערט שרייען "ערד"! "ערד"! זענגען ניט אין דעם איינען ווארט געלעגען דאס באלד פערלורענע גלוקק, דיא נייע וועלט, א וועלט פאר מיללאנען דורות? איז דער מאסטיונגע ניט גלוקקליך געוועזען?

האכגעעהרטע מאדאם מרים! איך וויל היינט זיין דער גלוקקליכע יונג וואס שרייעט אייך צו דאס גרוססע ווארט "ערד"! "ערד"! דאס הייססט! "ארדנונג"!

איך וויל אפפען רעדען: אזוא וויא ביי יעדע גרוססע אידעע מאכען זיך מתחלה שוועריגקייטען אונ אונארדנונגען, אזוא האבען זיך, ביי דיא היילינגע אידעע פון "יודישע קאלאניען אין ארץ ישראל אויפצובויען" אויך געמאכט גרוססע, אונ שווערע הינדערניסס; האבען מיר דאך צו טהון מיט א פאלק, וואס וויל: אז מען

וואלל איהם באלד געבען פלייש, פיש, צובעלעם, קנויבלאך א. ז. וו., אונ, ווענן מען גיט איהם ניט תיכף ומיד דאס אללעס, וויל עס ליעבער צורוקקלופען נאך מצרים אונ בלייבען סקלאפען! א פאלק — וואס יעדער קרה קריעגט באלד זיין עדה! א פאלק וואס יעדער בעזונדער טענה'ט „לאזט מיך איך קאנן בעססער — איך פערשטעהע בעססער! יא, א פאלק — וואס, ווער עס איז נאר דרייססט גענוג, ער קאנן זיין דער גראססטער לומפ, שטעללט זיך באלד אן דיא שפיטץ; ווייל דער עדעלערע מענש איז צו עדעל אונ געהט געהרן דעם לומפ אויס דעם וועג, ווייל ער איז א צוגרוססער לומפ! וויא שרעקקליך וועה האט יעדעם עהרליכען מאנן געטהון דאס הארץ, ווענן ער האט געזעהען: אז צו אזוא א היילינע, גרוסע זאך, האבען זיך גענוממען, אדער מענשען וואס האבען דער זאך ניט געקאנט אונ ניט פערשטאנגען צו העלפען, אדער אונמענשען וואס האבען דער היילינע זאך נאר געשאדט אונ, ליידער! אויך געמיינע, ניעדערטראכטינע לומפען.

יעטצט, מאדאם, איז דאס, געלובט איז גאטט! אללעס אנדערס געווארען, דיא מארקטשרייער, קליינע מענשלעך, נאכסעניונגען אונ אומעהרליכע לייט; האט מען פאן דער היילינע זאך מבער געוועזען אזוא וויא מען איז ביי אונז יודען מבער חמץ אויף פסח אונ אן דער היילינע זאך האבען זיך געשטעללט גרוססע, וויכטינע מענשען אונ עטליכע גרוססע רבנים, וו"ס זארגען טרייע אונ עהרליך דיא היילינע אידעע צו דערהאלטען אונ איהר צו געבען א פעסטען פונדאמענט; יעטצט — וועט יעדער פראנק, יעדער סענטים, בלייבען גאנץ אונ וועט פערוועגדט ווערען דארט ווא מען דארף עס אונ, דיא גאנצע זאך איז יעטצט אין אזאלכע זיכערע, פעסטע האנד: אז קיין גנב, קיין בעטרוגער אונ ווענן אויך דער קלוגסטער שארלאטאן, וועט דער ביי ניט קעננען וואס ריהרען, יעטצט איז דיא היילינע זאך געזיכערט.

מאדאם! פרייען זיא זיך מיט מיר! מיט אללע עהרליכע וואהרע פאטריאטען, מיט דער היילינע זאך אליין, וואס האט יעטצט טרייע אונ זיכערע וואכטער! וואס האט יעטצט געפונגען איהרע וואהרע עזרא'ס מיט נחמיה'ס! וואכטער, וואס זעגנען אים שטאנד אללע סמבלט'ס צו האלטען אים צוים (לייצעם)!

פאר דעם פיעל גוטס וואס זיא טהון מיט מיין פייגעלע אונ מיט מיר, וויל איך איהן קיין דאנק זאגען, ווייל איך ווייסס: אז זיא ווילען קיין דאנק הערען, זיא האבען עס קיין מאל געוואללט; אבער, דארט, אויף אונזער היילינע ערד, וועלל איך ניט אויפהערען גאטט צו בעטען פאר איהר גלוקק אונ לעבען.

איהר געהארזאמסטער דינער אשר

.... כסלו תרם ...

## אשר האנדשוהמאכער צו זיין פייגעלע.

מיין טהייערע, ליעבע פייגעלע! באלד וועלל איך קוממען צו דיר, איך וועלל

באלטען דאס וואס איך האב דיר געשוואָרען, איך וועלל חתונה האבען מיט דיר,
אונ, מיר וועללען עהרליך אונ געטרייע צוזאמטען ארבייטען אונ גלוקקליך זיין.
דיין אויף אייביג אשר.

... כסלו תרם ...

מרים איז זעהר צופריעדען געוועזען מיט אשר'ס בריעף. "פיינעלע! דוא האסט
דאך א חתן וואס שרייבט זעהר וואול, איך האב גאר ניט געוואוסט אז ער איז א
ביכעל געבילדעט" האט מרים געזאגט צו איהר מומע פייגעלע. "איך האב מאכי
אויך אזוא געטראכט, מאדאם מרים", האט דאס מעדיל, שון לוסטיג געענטווערט.
פייגעלע, איז באלד מיט איהר בריעפעל אוועקגעלאפפען צו אסתר'ן, "אסתר
קרון, נא, לייענט, זעהט נאר וואס מיין אשר שרייבט מיר ער וועט באלד אהער
קוממען!" האט זיא כמעט געשריען, אסתר האט דאס בריעפעל דורכגעלייענט
"הא, גאלדענע פייגעלע! האב איך דיר ניט א גוטע עצה געגעבען?" האט זיא
פערגנוגט געפרעגט פייגעלען "יא, אסתר קרון, איך האב מאכי אויך אזוא געטראכט"
איז געוועזען דעם מאדעלס ענטווער.
אונ איהר, מיינע עהרליכע לעזער! ווענן וועט איהר שון אויך זאגען אויף
דעם אללעם וואס איך האב אייך געשריעבען וועגען ישוב ארץ ישראל, "יא מיר האבען
מאכי אויך אזוא געטראכט"? ווענן וועט איהר שון אנהויבען ערנסט אונ עהרליך צו
טראכטען וועגען "קאלאניען אין ארץ ישראל?" וועגען אונזערע אונגלוקקליכע ברודער!



